פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

א. מ. גאָרקי

# וועגנ דער סאָוועטישער ליטעראטור

פאָרטראָג אפנ ערשטנ אלפארבאנדישנ צוזאמענפאָר
פונ די סאָוועטישע שרײַבער





פארלאג „עמעס“, מאָסקווע 1934

# דער קוואל און דער יעסאָד פונעם קינסטלערישן שאפן

די ראָליע פון די ארבעט־פּראָצעסן, וואָס האָבן פארוואנדלט די ווערטיקאלע באשעפעניש אין א מענטשן און האָבן געשאפן די גרונט־יעסוידעס פון דער קולטור, איז קיינמאָל ניט געווען אויסגעפאָרשט אזוי אלזייטיק און טיף, ווי זי פארדינט דאָס. דאָס איז נאטירלעך, ווייל אזא אויספאָרשונג איז ניט אין די אינטערעסן פון די עקספּלואַטאטאָרן פון ארבעט, וואָס פארוואנדלענדיק די ענערגיע פון די מאסן, ווי עפּעס א מין רוישטאָף, אין געלט, האָבן זיי אין געגעבענעם פאל, פארשטייט זיך, ניט געקענט העכערן דעם ווערט פונעם רוישטאָף. אנהייבנדיק פון טיפן אוראלט, פון דער צייט, ווען מענטשן זיינען צעטיילט געוואָרן אויף קנעכט־איינגנטימער און קנעכט, האָט מען מיט דער לעבעדיקער קראפט פון די ארבעט־מאסן זיך באנוצט — און מע באנוצט זיך — פונקט אזוי, ווי מיר באנוצן זיך איצט מיט דער מעכאנישער קראפט פון די טייך־שטראָמען. די אוראלטע מענטשן פלעגן געשילדערט ווערן פון די קולטור־היסטאָריקער, ווי פילאָזאָפירנדיקע אידעאליסטן און מיסטיקער, גאָטשעפער, זוכער פונעם „לעבנס־זין". דעם אוראלטן מענטשן פלעגט מען צושרייבן די שטימונג פון יאקאָוו בעם, א שוסטער, וואָס האָט געלעבט סאָף 16־טן—אנהייב 17־טן יאָרהונדערט און האָט צווישן אנדערע זיך פארנומען מיט פילאָזאָפיע, וואָס איז אינגאנצן צום הארצן די בורזשואזע מיסטיקער; בעם האָט געלערנט, אז „דער מענטש דארף דערקענען וועגן דעם הימל, וועגן די שטערן און סטיכיעס, און וועגן די באשעפענישן, וואָס זיינען פון זיי אנטשטאנען, אויך וועגן די הייליקע מאלאָכים, וועגן דעם טייוול, וועגן דעם הימל און וועגן גענעם".

איר ווייסט, אז אלס מאטעריאל פאר דער געשיכטע פון דער אוראלטער קולטור האָבן געדינט די אָנגאבן פון דער ארכעאָלאָגיע און די אָפּשפּיגלונגען פון די פּאַרצייטיקע רעליגיעזע קולטן, און די דאָ־

זיקע איבערבלייבעכצן פֿלעגן באַלויכטן און באַטראַכט ווערן אונטער דער ווירקונג פֿון דער קריסטלעך־פֿילאָזאָפֿישער דאָגמאַטיק, וואָס איז ניט געווען פֿרעמד אויך די אַטעיִסטיש־היסטאָריקער. די דאָזיקע ווירקונג, איז דורכויס קלאָר אין ספּענסערס טעאָריע פֿון אויבער־אָרגאַנישער אַנטוויקלונג, זי איז אויך ניט פֿרעמד פֿרעזערן און אַלע אַנדערע. אָבער קיין איינער פֿון די היסטאָריקער פֿון דער אוראַלטער און פֿאַרצײַטיקער קולטור האָט זיך ניט באַנוצט מיט די אָנגאַבן פֿונעם פֿאָלקלאָר, מיט דער מינדלעכער שאַפֿונג פֿונעם פֿאָלק, מיט די באַוועגונגען פֿון דער מיטאָלאָגיע, וואָס שטעלט מיט זיך אין אַלגעמיין פֿאָר אַן אָפּשפּיגלונג פֿון די נאַטור־דערשײַנונגען, פֿונעם קאַמף מיט דער נאַטור און אַן אָפּשפּיגלונג פֿונעם סאָציאַלן לעבן אין ברייטע קינסט־לערישע פֿאַראַלגעמיינערונגען.

ס'איז ביז גאָר שווער זיך פֿאָרצושטעלן די צוויי־פֿיסיקע באַשעפֿעניש, וואָס פֿלעגט פֿאַרווענדן אַלע אירע קרעפֿטן אויפֿן קאַמף פֿאַרן לעבן, זי זאָל דענקען אַבסטראַהירט פֿון די אַרבעט־פּראָצעסן, פֿון די פֿראַגן פֿון שטאַם און שייוועט. ס'איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן עמאַנויל קאַנטן אין אַ פֿעל פֿון אַ בער און אַ באָרוועסן, וואָס דענקט איבער דער „זאַך אין זיך“. אַבסטראַקט האָט געדענקט דער מענטש פֿון דער שפּעטערדיקער צייט, יענער איינזאַמער מענטש, וואָס וועגן אים האָט אַריסטאָטעל געזאָגט אין דער „פּאָליטיק“: „אַ מענטש אויסער דער געזעלשאַפֿט — איז אָדער אַ גאָט אָדער אַ כייע“. זייענדיק אַ כייע פֿלעגט ער צומאָל צווינגען) צו אָנערקענען אים פֿאַר אַ גאָט, אָבער ווי אַ כייע האָט ער געדינט אַלס מאַטעריאַל צום שאַפֿן פֿיל־צאָליקע מיטן וועגן כייעאַרטיקע מענטשן, פּונקט אַזוי, ווי די ערשטע מענטשן, וואָס האָבן באַהערשט דאָס פֿערד צום רייטן אויף אים, האָבן געגעבן אַ גרונט פֿאַרן מיט וועגן דעם קענטאַוור.

די היסטאָריקער פֿון דער אוראַלטער קולטור פֿלעגן אינגאַנצן פֿאַרשווייגן די אַבסאָליוט קלאָרע סימאָנים פֿונעם מאַטעריאַליסטישן דענקען, וואָס פֿלעגט אומפֿאַרמײַדלעך דערוועקט ווערן דורך די אַרבעט־פּראָצעסן און דורך דער גאַנצער סומע דערשײַנונגען פֿונעם סאָציאַלן לעבן פֿון די פּאַרצייטיקע מענטשן. די דאָזיקע סימאָנים זיינען צו אונדז דערגאַנגען אין דער פֿאָרם פֿון מייסעס און מיטן, אין וועלכע מיר הערן די אָפּקלאַנגען פֿון דער אַרבעט צו אונטערטעניקן די באַלעבאַ־ים, אַנטדעקן הייל־גראָזן, דערפֿינדן אַרבעט־געצייג. שוין אין דער טיר־פֿער אוראַלט האָבן מענטשן געטרוימט וועגן דער מעגלעכקייט צו פֿליען

אין דער לופטן, — וועגן דעם דערציילן אונדז די לעגענדעס וועגן פאעטאָן, דעדאַל און דעם זון זײַנעם איקאַר, און אויך דאָס מײַסעלע וועגן דעם „פליענדיקן טעפּיך". מע האָט געטרוימט וועגן פאַרשנעלערן די באַוועגונג איבער דער ערד, — דאָס מייסעלע וועגן די „שטיוול־שנעלגייער". מע האָט באַהערשט דאָס פערד. דער פאַרלאַנג צו שווימען איבערן טײַך שנעלער פון זײַן שטראָם האָט געבראַכט צו דער דערפינדונג פון וועסלעס און זעגל, די שטרעבונג צו דעריאָגן דעם סוינע און די כייעס פונדערווײַטנס האָט געדינט אַלס מאָטיוו צו דערפינדן אַ שטיינשלײַדערער, אַ בויגן און פײַלן. מע האָט געטראַכט איבער דער מעגלעכקייט צו שפּינען און וועבן און אין איין נאַכט אַ קאָלאָסאַלע צאָל שטאָף, איבער דער מעגלעכקייט אויסצובויען אין איין נאַכט אַ גוטע וווינונג, אפילו אַ „פּאַלאַץ", דאָס הייסט אַ וווינונג, וואָס איז פאַרפעסטיקט קעגן דעם סוינע. מע האָט געשאַפן אַ שפּינדל, איינס פון די סאַמע פאַרצייטיקסטע אַרבעטס־געצייג, אַ פּרימיטיווע האַנט־ווערקשטעל צו וועבן און מע האָט געשאַפן דאָס מײַסעלע וועגן וואַסיליסאַ דער כאַכאָמע. מע קען ברענגען נאָך צענדליקער באַווײַזן וועגן דער צוועקמעסיקייט פון די אוראַלטע מײַסעלעך און מיטן, צענדליקער באַווײַזן פון דער ווײַטזיכטיקייט פונעם בילדערישן, היפּאָטעזישן, אָבער שוין טעכנאָלאָגישן דענקען פון די אוראַלטע מענטשן, פון אַזאַ דענקען, וואָס פלעגט זיך שוין דערהייבן ביז אַזעלכע מאָדערנע היפּאָטעזעס, ווי, צום בײַשפּיל, דאָס אוטיליזירן די דריי־קראַפט פון דער ערד אַרום איר אייגענער אַקס, אָדער דאָס פאַרניכטן דעם פּאָליאַר־אײַז. אַלע מיטן און מײַסעלעך פון דער אוראַלט ווערן אַזוי ווי פאַרענדיקט מיטן מיט וועגן טאַנטאַלן: טאַנטאַל שטייט ביזן האַלדז אין וואַסער, ער לײַדט פון דאָרשט, אָבער ער קאָן אים ניט שטילן, — דאָס איז דער אוראַלטער מענטש צווישן די דערשײַנונגען פון דער אויסערלעכער וועלט, וואָס ער האָט זיי ניט באַגריפן.

איך צווייפל ניט דערין, אַז די אוראַלטע מײַסעלעך, מיטן און לעגענדעס זײַנען אייך באַוווּסט, אָבער עס וואָלט זיך זייער שטאַרק געוואָלט, אַז דער גרונט־זין זייערער זאָל טיפער פאַרשטאַנען ווערן. דער דאָזיקער זין באַשטייט סאָפּקאָלסאָף אין דער שטרעבונג פון די אוראַלטע אַרבעט־מענטשן צו פאַרלײַכטערן זייער מי, צו פאַרשטאַרקן איר פּראָדוקטיווקייט, צו באַוואָפענען זיך קעגן פיר־פיסיקע און צוויי־פיסיקע כײַעס, און אויך מיט דער קראַפט פונעם וואָרט, מיט כּישופן פון „אָפּשפּרעכענישן", „באַשווערענישן" צו ווירקן אויף די

סטיכישע און פיינטלעכע צו די מענטשנ נאַטור־דערשיינונגענ. דאָס לעצטע איז באַזונדערס וויכטיק, ווייל דאָס באַווייזט, ווי טיפ די מענטשנ האָבנ געגלייבט אינ דער קראַפט פונ זייער וואָרט, אונ דער דאָזיקער גלויבנ דערקלערט זיכ מיט דער קלאָרער אונ אַבסאָליוט־רעאַלער נוצלעכקייט פונ רייד, וואָס אָרגאַניזירט די סאָציאַלע קעגנזייטיקע פאַרהעלטענישנ אונ די אַרבעט־פּראָצעסנ פונ די מענטשנ. מיט „אָפּשפּרעכענישנ" האָט מענ זיכ געפרווּט ווירקנ אַפילע אפ די געטער. דאָס איז גאַנצ נאַטירלעכ, ווייל אַלע געטער פונ דער אוראַלט האָבנ געלעבט אפ דער ערד, זיינענ געווענ מענטשנאַרטיקע אונ האָבנ זיכ געפירט פּונקט אַזוי, ווי די מענטשנ: אַ גוטע פריינטלעכע באַציִונג צו געהאָרכזאַמע, אַ פיינטלעכע — צו די ניט־געהאָרכזאַמע. זיי זיינענ געווענ, אַזוי ווי מענטשנ, פול מיט קינע, מיט נעקאָמע אונ ערגייציקע. דער פאַקט, וואָס די געטער זיינענ מענטשנ־ענלעכ — איז איינער פונ די באַווייזנ פאַר דער מיינונג, אַז דאָס רעליגיעזע דענקענ איז אַנטשטאַנענ ניט פונ באַאָבאַכטנ די נאַטור־דערשיינונגענ, נאָר אפנ באָדנ פונעמ סאָציאַלנ קאַמפ. ס'איז דורכויס דערלאָזבאַר צו מיינענ, אַז אַלס רוישטאָפ פאַר דער פאַבריקאַציע פונ געטער האָבנ געדינט די „אָנגעזעענע" לייט פונ דער אוראַלט — הערקוליעס דער „אַרבעט־העלד", דער „מייסטער מיט גאָלדענע הענט", איז סאָפּקאָלסאָפּ אַרופגעבראַכט געוואָרנ אפנ אָלימפ, אינ דער סווייווע פונ געטער. אינ דער פאָרשטעלונג פונ די אוראַלטע מענטשנ איז גאָט געווענ ניט קיינ אַבסטראַקטער באַגריפ, ניט קיינ פאַנטאַסטיש וועזנ, נאָר אַ דורכויס־רעאַלע פיגור, וואָס איז באַוואָפנט מיט דעמ אָדער אַנדערנ אַרבעט־געצייג, גאָט איז געווענ אַ מייסטער פונ דער אָדער אַנדערער מעלאָכע, אַ לערער אונ אַ מיטאַרבעטער פונ די מענטשנ. גאָט איז געווענ אַ קינסטלערישע פאַראַלגעמיינערונג פונ די אַרבעט־דערפאָלגנ, אונ דאָס „רעליגיעזע" דענקענ פונ דער אַרבעטס־מאַסע, דאַרפ מענ נעמענ אינ גענדזנפיסלעכ, ווייל דאָס איז געווענ אַ ריינ קינסטלעריש שאַפנ, אידעאַליזירנדיק די פייִקייטנ פונ די מענטשנ אונ אַזויווי האָבנדיק דעמ פאָרגעפיל פונ זייער מעכטיקער אַנטוויקלונג, איז די מיפ־שאַפונג אינ איר גרונט געווענ רעאַליסטיש. אונטער יעדנ שוווּנג פונ דער אוראַלטער פאַנטאַזיע קענ מענ לייכט אופדעקנ איר דערוועקער, אונ אָט דער דערוועקער איז שטענדיק די שטרעבונג פונ די מענטשנ צו פאַרלייכטערנ זייער מי. ס'איז דורכויס קלאָר, אַז די דאָזיקע שטרעבונג איז אַריינגעטראָגנ געוואָרנ אינעמ לעבנ דורכ די מענטשנ פונ פיזישער אַרבעט. אונ ס'איז דורכויס קלאָר,

אז גאָט וואָלט ניט דערשײַנט אונ וואָלט ניט עקזיסטירט אזוי לאנג אינעמ לעבנס־אומגאנג פונ די ארבעט־מענטשנ, אויב ער וואָלט ניט געווענ ביז גאָר נוציק פאר די ערדישע געוועלטיקער, פאר די עקספּלואטאטערס פונ ארבעט. בא אונדז אינ לאנד גייט גאָט ארויס אזוי שנעל אונ לייכט פונ געברויכ טאקע דערפאר, ווייל ס'איז פארשוואונדנ די סיבע פונ זיינ זיינ — די נויטיקייט צו באַרעכטיקנ די מאכט פונ מענטשנ איבער מענטשנ, ווייל איינ מענטש דארפ זיינ פארנ צווייטנ מענטשנ נאָר א מיטארבעטער, א פריינט, א מיטקעמפער, א לערער, אָבער ניט קיינ געוועלטיקער איבער זיינ סייכל אונ ווילנ.

אָבער וואָס מעכטיקער אונ הערשערישער ס'איז געוואָרנ דער שקלאפנ=אייגנטימער, אלס העכער אינ די הימלענ האָבנ זיכ אופגעהויבנ די געטער, אונ אינ דער מאסע איז אופגעקומענ די גאָט־באַקעמפעריי, וואָס איז פארקערפערט אינעמ געשטאלט פונ פּראָמעטיי, פונעמ עסטלענדישנ קאלעווי אונ אנדערע העלדנ, וואָס האָבנ געזעענ אינ גאָט זייער פײַנטלעכנ הערשער איבער אלע הערשער.

דער פּאָרקריסטלעכער, געצנדינערישער פאָלקלאָר האָט ניט איבערגעלאָזט קיינ שום בוילעטע אויסגעדריקטע סימאָנימ, אז עס איז געווענ אזא מינ דענקענ וועגנ דעמ „טאָב", וועגנ דער „אורזאכ פונ אלע דערשײַנונגענ", וועגנ דער „זאכ אינ זיכ" אונ ביכלאל קיינ שום סימאָנימ פונ יענעמ דענקענ, וואָס עס האָט אָרגאניזירט אלס סיסטעמ אינ פערטנ יאָרהונדערט ביז אונדזער ערע דער „נאָווי פונ אטיק" פלאטאָנ דער גרונט־לייגער פונעמ וועלט־באנעמ, אבסטראהירט פונ די ארבעט=פּראָצעסנ אונ פונ די שטייגער־באדינגונגענ אונ דערשײַנונגענ. ס'איז באוווּסט, אז די קירכ האָט אנערקענט פלאטאָנענ, אלס פארגייער פונעמ קריסטנטומ. ס'איז באוווּסט, אז די קירכ האָט פונ אָנהייב אָנ אקשאָנעסדיק געקעמפט קעגנ די „רעשטנ פונ געצנדינעריי", אונ די דאָזיקע רעשטנ — דאָס זיינענ די אָפּשפּיגלונגענ פונעמ ארבעטנדיקנ, מאטעריאליסטישנ וועלט־באנעמ. ס'איז באוווּסט, אז באלד, ווי די פעאָדאלנ האָבנ אָנגעהויבנ פילנ די קראפט פונ דער בורזשואזיע, איז אופגעקומענ די אידעאליסטישע פילאָזאָפיע פונעמ בישאָפ בערקלי, וואָס די רעאקציאָנערע באדײַטונג אירע האָט וו. אי. לענינ באלויכטנ אינ זיינ קריגערישנ בוכ קעגנ דעמ אידעאליזמ. ס'איז באוווּסט, אז ערעוו דער פראנצויזישער רעוואָליוציע סאָפ 18=טנ יאָר=הונדערט האָט די בורזשואזיע זיכ באנוצט מיטנ מאטעריאליסטישנ

געהאנג פאר דעם קאמף קעגן דעם פעאָדאליזם און קעגן זיין באגייסטערער — דער רעליגיע. אָבער בייגעקומען איר קלאסנשונא, און אין ציטערניש פאר דעם נייעם סונא — פאר דעם פראָלעטאריאט, — האָט זי זיך טייקעף אומגעקערט צו דער וועלט־אָנשויונג פון אידעאליזם און אונטער דער שוץ פון דער קירך. מער אָדער ווייניקער אומרויִק פילנדיק די אומגעזעצלעכקייט און די וואקלדיקייט פון איר מאכט איבער די מאסן פונעם ארבעט־פאָלק, האָט די בורזשואזיע אין פארלויף פונעם 19־טן יאָרהונדערט געפרווט צו באגלייבטיקן איר עקזיסטענץ מיט דער פילאָזאָפיע פון קריטיציזם, פאָזיטיוויזם, ראציאָנאליזם, פראגמאטיזם און מיט אנדערע פרוון צו פארקריפלען דעם ריין־מאטעריאליסטישן געדאנק, וואָס שטאמט ארויס פון די ארבעט־פּראָצעסן. די דאָזיקע פרוון האָבן איינער נאָכן אנדערן ארויסגעוויזן זייער מאכטלאָזיקייט צו „דערקלערן" די וועלט, און אין 20־טן יאָרהונדערט איז ווידער אָנערקענט געוואָרן, אז דער פירער פונעם פילאָזאָפירנדיקן געדאנק איז דער אידעאליסט בערגסאָן, וועמעס לערע ס'איז, אגעוו, „גינסטיק פאר דער קאטוילישער רעליגיע". אויב מע זאָל צו אָט דער אויסגעשפּראָכענער אָנערקענונג פון דער נויטיקייט צו באוועגן זיך אף צוריק צוגעבן דעם מאָדערנעם וויי־געשריי פון דער בורזשואזיע וועגן דער אומקום־באדייטונג פונעם אָנאָפּהאלטלעכן וווּקס פון דער טעכניק, וואָס האָט באשאפן די פאנטאסטישע רייכטימער פון די קאפּיטאליסטן, באקומען מיר א דורכויס קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם גראד אינטעלעקטועלער פאראָרעמטקייט פון דער בורזשואזיע און וועגן דער נויטיקייט צו פארניכטן זי אלס א היסטאָרישע איבערבלייבעכץ, וואָס פארסאמט זי די וועלט מיטן טויט־גיפט פון איר פוילונג. אלס סיבע פון דער אינטעלעקטועלער פאראָרעמטקייט דינט שטענדיק דאָס ארויסדרייען זיך פון באנעמען דעם גרונט־זין פון די דערשיינונגען פון דער ווירקלעכקייט — דאָס אנטלויפן פון לעבן אויס מוירע פאר אים, אָדער אויס דער ענגאָיִסטישער שטרעבונג צו רו, אויס סאָציאלן גלייכגילט, וואָס איז ארויסגערופן דורכן באנאלסטן און עקלהאפטן אנארכיזם פון דער קאפּיטאליסטישער מעלוכע.

## די געריםטע קולטור פונעם קאפּיטאליזם

ס'איז דאָ א פולער גרונט צו האָפן, אז ווען די קולטור־געשיכטע וועט אָנגעשריבן ווערן פון מארקסיסטן, וועלן מיר זיך איבערצייגן, אז די

ראָליע פונ דער בורזשואזיע אינעם פּראָצעס פונעמ קולטור-שאפנ איז שטארק איבערגעטריבנ, אונ אינעמ געביט פונ דער ליטעראטור — באזונדערס שטארק, אונ נאָכ מער — אינעמ געביט פונ מאָלערײַ, ווו די בורזשואזיע איז שטענדיק געווענ די ארבעט-געבערנ אונ דערמיט אליינ די גרעסטע שטיצעבער. די בורזשואזיע האָט ניט פארמאָגט אינ זיכ אונ פארמאָגט ניט דעמ הראנג צו קולטור-שאפונג, — אויב מע זאָל די דאָזיקע שאפונג פארשטיינ ברייטער, ווי נאָר די קעסיידערדיקע אנטוויקלונג פונ די אויסערלעכע מאטעריעל-שטייגערישע באקוועמלעכקייטנ אונ די אנטוויקלונג פונ לוקסוס. די קולטור פונעמ קאפּיטאליזמ איז ניט קיינ אנדער זאכ, ווי נאָר א סיסטעמ מיטלענ פונ פיזישער אונ מאָראלישער פארברייטערונג אונ פארפעסטיקונג פונ דער מאכט פונ דער בורזשואזיע איבער דער וועלט, איבער די מענטשנ, איבער די אויצרעס פונ דער ערד, איבער די ענערגיעס פונ דער נאַטור. דעמ זינ פונעמ אנטוויקלונג-פּראָצעס פונ דער קולטור האָט די בורזשואזיע קיינמאָל ניט פארשטאנענ ווי א נויטיקייט פונעמ וווקס פאר דער גאנצער מאסע פונ דער מענטשהייט. ס'איז באוווסט, אז לויט דער בורזשואזער עקאָנאָמישער פּאָליטיק איז יעדע שכיינעסדיקע נאציע, וואָס איז אָרגאניזירט אלס א מעלוכע, געווענ א פּיינטלעכע, אונ די שוואַטימ, וואָס זיינענ שוואכ אָרגאניזירט, אונ באזונדערס די קאָלירטע שוואַטימ, האָבנ געדינט דער בורזשואזיע אלס שקלאפנ נאָכ רעכטלאָזערע, ווי אירע אייגענע, די ווייסהויטיקע שקלאפנ.

בא די פויערימ אונ ארבעטער איז אָפּגענומענ געוואָרנ דאָס רעכט אפ בילדונג, — אפ דער אנטוויקלונג פונעמ סייכל אונ ווילנ צו דערקענענ דאָס לעבנ, צו ענדערנ זיינע באדינגונגענ, צו פארלײַכטערנ זיינע ארבעט-אומשטענדנ. אינ די שולנ פלעגנ דערצויגנ ווערנ אונ עס ווערנ דערצויגנ נאָר געהאָרכזאמע דינער פונעמ קאפּיטאליזמ, וואָס גלייבנ אינ זײַנ שטאנדהאפטיקײַט אונ געזעצלעכקײַט. וועגנ „דערציענ דאָס פאָלק" פלעגט מענ ריידנ, שרייבנ, אונ מע פלעגט אפילע זיכ בארימענ מיט די דערהפאָלגנ אינ דער שריפט-קענעוודיקײַט. אָבער אינדערעמעסנ פלעגט מענ צעפּיצלענ דאָס ארבעטספאָלק, איינפלאנצנדיק אינ אימ אידייענ פונ אומקאָמפּראָמיסלעכער פארשיידנקייט פונ די ראסנ, נאציעס אונ רעליגיעס. מיט דער דאָזיקער פרייִדיקונג ווערט בארעכטיקט די אומענטשלעכע קאָלאָניאלע פּאָליטיק, וואָס גיט אלצ א ברייטערנ פארנעמ דער זינלאָזער לייִדנשאפט צו רײַכ ווערנ, דער אידיאָטישער זשעדנעקײַט פונ קרעמער. דער דאָזיקער פרייִדיקונג האָט

געדינט די בורזשואזע וויסנשאפט, וואס מיעכט זיכ ניט אראפצולאזנ ביז צו דער באהויפטונג, אז די נעגאטיווע באציונג פונ די מענטשנ פונ דער אריער ראסע צו אלע אנדערע איז „ארגאניש ארויסגעוואקסנ פונ דער מעטאפיזישער טעטיקייט פונעמ גאנצנ פאלק", כאטש ס'איז דורכויס קלאר, אז אויב דאס „גאנצע פאלק" איז אנגעשטעקט מיטנ שענדלעכנ זאאלאגישנ האס צו די קאלירטע ראסנ אדער צו די סע-מיטנ,—איז די דאזיקע מאגיישע געבראכט געווארנ דורכ דער דורכויס רעאלער, פיזישער אונ נידערטרעכטיקער טעטיקייט פונ דער בורזשואזיע מיט „פייער אונ שווערד". אויב מע זאל זיכ דערמאנענ, אז די דאזיקע טעטיקייט האט די קריסטלעכע קירכ געמאכט פארנ סימבאל פונ די ליידנ פונעמ ליבעפולנ גאטס זונ, — ווערט דער פינצטערער הו-מאר דערפונ אנטבלויזט מיט העסלעכער אנשוילעכקייט. אגעו, קוייט-טוס, „גאטס זונ", איז דער איינציקער „פאזיטיווער טיפ", וואס די קירכ-ליטעראטור האט געשאפנ. אפ דעמ דאזיקנ פרינציפ פונעמ שלימאזלדיקנ שאלעמ-מאכער פונ אלע לעבנס-ווידערשפרוכנ איז באזונדערס בוילעט קענטיק די שעפערישע אימפאטענצ פונ דער קירכ-ליטעראטור.

די געשיכטע פונ די טעכנישע אונ וויסנשאפטלעכע אנטדעקונגענ איז רייכ מיט פאקטנ, ווענ די בורזשואזיע שטעלט זיכ קעגנ אפילע דעמ וווקס פונ דער טעכנישער קולטור. די פאקטנ פונ אזא מינ ווי-דערשטאנד זיינענ אלגעמיינ באוווסט, פונקט אזוי, ווי ס'איז אויכ באוווסט די סיבע דערפונ: די ביליקייט פונ דער לעבעדיקער ארבעט-קראפט. מע וועט זאגנ: אונ פונדעסטוועגנ איז דאכ די טעכניק גע-וואקסנ אונ דערגרייכט א באדייטנדיקע הייכ. דאס איז אומבאשטרייט-באר. אבער דאס דערקלערט זיכ דערמיט, וואס די טעכניק אליינ איז אזוי ווי זי וואלט פארויסגעזאגט אונ אינספּירירט דעמ מענטשנ די מעגלעכקייט אונ די נויטיקייט פונ איר ווייטערדיקנ וווקס.

פארשטענדלעכ, איכ לייקנ ניט, אז אינ איר צייט, צומ ביישפיל, אינ דער באציונג צומ פעאדאליזמ, האט די בורזשואזיע פארגעשטעלט מיט זיכ א קראפט א רעוואליוציאנערע אונ מיטגעהאלפנ דעמ וווקס פונ דער מאטעריעלער קולטור, ברענגנדיק אומפארמיידלעכ אלס קארבנ פאר דעמ דאזיקנ וווקס די לעבנס-אינטערעסנ אונ די קרעפטנ פונ די ארבעטער-מאסנ. אבער דער פאל מיט פולטאנענ באוווסט אוגדז, אז די בורזשואזיע פונ פראנקרייכ האט, אפילע נאכ איר ניצאכנ, ניט מיטאמאל אפגעשאצט די באדייטונג פונ דאמפ-שיפנ פאר דער אנט-

וווקס פונעמ האנדל אונ פאר דער זעלבסטשוץ. אונ דאס איז ניט דער איינציקער פאל, וואס באווײזט דעמ קאנסערוואטיזמ פונ די באלע־בעסלעכ. פאר אונדז איז וויכטיק צו באנעמענ, אז דער דאזיקער קאנ־סערוואטיזמ, באהאלטנדיק אינ זיכ די זארג פונ דער בורזשואזיע פאר דער וווקס פונעמ ארבעט־פאלק. אבער אינ לעצטנ סאכאקל האט ער פונ־פארפעסטיקונג אונ באשיצונג פונ איר מאכט איבער דער וועלט, האט מיט אלע מיטלענ באגרענעצט די מעגלעכקייטנ פונעמ אינטעלעקטועלנ וווקס פונעמ ארבעט־פאלק. אבער אינ לעצטנ סאכאקל האט ער פונ־דעסטוועגנ געבראכט דערצו, אז אינ דער וועלט האט זיכ באוויזנ א נייע קראפט, — דער פראלעטאריאט, אונ אז דער פראלעטאריאט האט שוינ באשאפנ זײנ מעלוכע, ווו דער אינטעלעקטועלער וווקס פונ די מאסנ ווערט ניט באגרענעצט. ס'איז דא גאר איינ געביט, ווו אלע טעכנישע נייסנ פלעגט די בורזשואזיע אופנעמענ אנ דערווי־דערונגענ אונ טייקעפ — דאס איז דער געביט פונ פראדוצירנ געווער צו פארניכטנ מענטשנ. דאכט זיכ, קיינער האט נאכ ניט באצייכנט די ווירקונג פונ פראדוצירנ זעלבסטשוץ־געצייג פאר דער בורזשואזיע אפנ אלגעמיינעמ גאנג פונ דער אנטוויקלונג פונ דער טעכניק אינ דער אינדוסטריע, וואס באארבעט מעטאל.

## די העלדנ פונעמ קאפיטאליזמ אונ פונ זיינ ליטעראטור

דער פראצעס פונעמ סאציאל־קולטורעלנ וווקס פונ די מענטשנ אנטוויקלט זיכ נארמאל נאר דאנ, ווענ די הענט לערנענ דעמ קאפ, דערנאכ לערנט דער קלוגגעווארענער קאפ די הענט, אונ די קלוגע הענט העלפנ ווידער אונ שוינ שטארקער דער אנטוויקלונג פונעמ מוח. אט דער נארמאלער פראצעס פונ דער קולטורעלער אנטוויקלונג פונ די ארבעט־מענטשנ איז אינ דער אוראלט איבערגעריסנ געווארנ אי־בער סיבעס, וואס זײנענ אייכ באוווסט. דער קאפ האט זיכ אפגעריסנ פונ די הענט, דער געדאנק—פונ דער ערד. אינ דער מאסע טוער האבנ זיכ באוויזנ אנשויער, וואס דערקלערנ די וועלט אונ דעמ וווקס פונעמ געדאנק אבסטראקט. ניט אינ צוזאמענהאנג מיט די ארבעט־פראצעסנ, וואס ענדערנ די וועלט אנטשפרעכיק צו די אינ־טערעסנ אונ צילנ פונ די מענטשנ. ווארשײנלעכ, אז אינ אנהויב האבנ זיי געדינט אלס ארגאניזאטערס פונ דער ארבעט־דערפארונג אונ זײ־נענ געווענ פונקט אזוינע „אנגעזעענע לייט" אונ ארבעט־העלדנ, וואס מיר זעענ איצט בא אונדז אינ לאנד. אונ דערנאכ קומט אופ אינ זייער

סוויזוע דער קוואל פונ אלערליי סאָציאלע אומגליקנ — דער ניסאָיענ פונ מאכט בא איינ מענטשנ איבער א כאכ, די שטרעבונג צו א גרינג לעבנ אפנ כעזשבנ פונ פרעמדער ארבעט־קראפט אונ די פארקריפלט־דערהויבענע פארשטעלונג וועגנ דער אייגענער אינדיווידועלער קראפט,— די פארשטעלונג, וואָס האָט זיכ לעכאטכילע געענדערט מיטנ אָנערקענענ די אויסערלעכע בייזקייטנ פונעמ געגעבענעמ יאָכיד, האגאמ די דאָזיקע בייזקייטנ זיינענ בלויז געווענ א קאָנצענטראציע, אנ אָפשפיגלונג פונ די ארבעט־דערגרייכונגענ פונעמ ארבעטער־קאָלעקטיו,—פינעמ שטאמ, שייוועט. דעמ איינרייס צווישנ ארבעט אונ דענקענ שרייבנ צו די קולטור־היסטאָריקער דער גאנצער מאסע אוראלטע מענטשנ, אונ דאָס, וואָס זיי האָבנ דערצויגנ אינדיווידואליסטנ, פארעכנט מענ עס זיי אלס פארדינסט, ווי א דערשיינונג פונ פּאָזיטיווג כאראקטער. די געשיכטע פונ דער אנטוויקלונג פונעמ אינדיווידואליזמ איז מיט אויסגעצייכנטער פולקייט אונ קלאָרקייט געגעבנ אינ דער ליטעראטור־געשיכטע. איכ ווענד נאָכאמאָל אייער אויפמערקזאמקייט, כאווייימ, אפ דעמ פאקט, וואָס די סאמע טיפע אונ בוילעטע, קינסטלעריש פולקומע טיפנ פונ העלדנ זיינענ געשאפנ געוואָרנ אינעמ פאָלקלאָר, אינ דער מינדלעכער שאפונג פונעמ ארבעטספאָלק. די פולקומהייט פונ אזעלכע געשטאלטנ, ווי הערקוליעס, פראָמעטיי, מיקולא סעליאנינאָוויטש, סוויאטאָגאָר, ווייטער, דאָקטער פאוסט, וואסיליסא די כאכאָמע, דער איראָנישער באלמאזל איוואנ דער נאר, אונ, ענדלעכ, פעטרושקא וואָס באזיגט דעמ דאָקטער, דעמ גאלעכ, דעמ פּאָליציאנט, דעמ טייוול אונ אפילע דעמ טויט,— דאָס זיינענ אלצ געשטאלטנ, וואָס אינעמ שאפנ זיי האָבנ זיכ האַרמאָניש באהעפט ראציע אונ אינטויציע, דער געדאנק אונ דער געפיל. אזא באהעפטונג איז מעגלעכ בלויז באמ דירעקטנ אָנטייל פונעמ שעפער אינ דער ארבעט צו שאפנ די ווירקלעכקייט, אינעמ קאמפ צו באנייענ דאָס לעבנ.

ס'איז זייער וויכטיק צו פארצייכענענ, אז דעמ פאָלקלאָר איז אינגאנצנ פרעמד פעסימיזמ, ניט געקוקט דערויפ, וואָס די שעפער פונעמ פאָלקלאָר האָבנ געלעבט שווער, אונ זייער שקלאפערישע פיינלעכע ארבעט איז פארזיגלאָזט געוואָרנ דורכ די עקספּלואטאטאָרס, אונ זייער פערזענלעכ לעבנ איז רעכטלאָז אונ שוצלאָז. אָבער בא דעמ אלעמ איז דעמ קאָלעקטיו אזוינע אייגנטימלעכ דער באוווסטזיינ פונ זיינ אומשטערבלעכקייט אונ די זיכערקייט אינ זיינ ניצאָכנ איבער אלע פיינטלעכע קרעפטנ. דער פאָלקלאָר־העלד דער „נאר“, וואָס אימ פאר־

האסט אפילע זײַנ פאָטער אונ ברידער, װײַזט זיכ שטענדיק ארױס קליגער פאַר זײ, ער איז שטענדיק דער זיגער איבער אלע לעבנס־צאָרעס, פּונקט אזױ װי עס באַקעמפט זײ אױכ װאַסיליסא. די באַבאָמע, אױב אינעם פאָלקלאָר קלינגענ װענ עס איז נאָענט פונ האָפענונגלאָזיקײט אונ צװײפל אינעם זינענ פונעם ערדישנ זײַנ, האָט די דאָזיקע נאָמנ בעפּײרעש אײַנגעפלאַנצט די צװײ טױזנטיעריקע פרײדיקונג פונ פּעסימיזם מיצאַד דער קריסטלעכער קירכ אונ דער סקעפּטיציזם אױס אמעראַצעס מיצאַד דער פּאַראַזיטישער קלײנבורזשואזיע, װאָס לעבט צװישנ דעם האַמער פונעם קאַפּיטאַל אונ דער קאָװאַדלע פונעם אַרבעטספאָלק. די באַדײַטונג פונעם פאָלקלאָר װערט באַזונדערס העל באַלױכטנ, װענ מע פאַרגלײַכט זײַנ פאַנטאַסטיק, װאָס באַזירט זיכ אָפּ די דערפאָלגנ פונ דער ארבעט, מיט דער שװערער, טאַלענטלאָזער פאַנטאַסטיק פונ דער קריסטלעכער, „קרױשים“־ליטעראַטור אונ מיט דער נעבעכדיקער פאַנטאַסטיק פונ די ריטער־ראָמאַנענ.

דער עפּאָס אונ דער ריטער־ראָמאַנ — דאָס איז די שאַפונג פונעם פעאָדאַלנ אדלטום, זײַנ העלד איז דער דערהאָבערער. ס'איז גוט באַװוּסט, אז די װירקונג פונ דער פעאָדאַלער ליטעראַטור איז קײנמאָל ניט געװענ באַזונדערס באַדײַטנדיק.

די בורזשואזע ליטעראַטור הײבט זיכ אָנ נאָכ פאַרצײַטנ, מיט דער עגיפּטישער „מײַסע װעגנ דעם גאַנעװ“, עס זעצנ זי פאָר די גריכנ, די רוימער, זי קומט אױפ אינ דער עפּאָכע פונ דער צעלײזונג פונעם ריטערטום אַנשטאָט דעם ריטערישנ ראָמאַנ. דאָס איז אַנ עכט־בורזשואזע ליטעראַטור, אונ איר גרונט־העלד איז דער פּלוט, דער גאַנעװ, דערנאָכ דער דעטעקטיװ אונ װידער דער גאַנעװ, אָבער שױנ „א גאַנעװ א דזשענטלמענ“.

אָנגעהױבנ פונ דער פיגור פונ טיל אולענשפּיגעל, װאָס איז געשאַפנ געװאָרנ סאָפ 15־טנ יאָרהונדערט, פונ דער פיגור פונעם סימפּליציסימוס אינ 17־טנ יאָרהונדערט, פונ לאַזאַריליאָ פונ טאָרמעס, זשילבלאַז, פונ די העלדנ פונ סמאָלעט אונ פילדינג, ביזנ „ליבנ פרײַנט“ מאָפּאַסאַנס, ביז אַרסענ ליופּענ, ביז די העלדנ פונ דער „דעטעקטיװער“ ליטעראַטור אינ דער מאָדערנער אײראָפּע קענענ מיר אָנצײלנ טױזנטער ביכער, װאָס די העלדנ זײַנענ פּלוטנ, גאַנאָװים, מערדער אונ אַגענטנ פונ דער קרימינעלער פּאָליצײ. אָט דאָס טאַקע איז די עכטע בורזשואזע ליטעראַטור, װאָס שפּיגלט באַזונדערס בולעט אָפּ דעם עמעסנ געשמאַק, די אינטערעסנ אונ די פּראַקטישע „מאָראַל“ פונ

אירע געברויכער. „ניטאָ קײנ שלעכטס אָנ גוטס": אויפֿנ באָדנ פֿונ דער דאָזיקער ליטעראַטור, וואָס איז פֿונ דער ברייטער האַנט באַמיסטיקט מיט פֿאַרשײדנאַרטיקע באַנאַלקײטנ אונ דעריבער אויכ מיט דער באַנאַלקײט פֿונעמ באַלעבאָסלדיקנ „געזונטנ פֿאַרשטאַנד", — אויפֿ דעמ דאָזיקנ באָדנ זײַנענ אויסגעוואַקסנ אַזעלכע אויסגעצײכנטע קינסטלערישע פֿאַראַלגעמײנערונגענ, ווי, צומ בײַשפּיל, די פֿיגור פֿונ סאַנטשאָ פּאַנסאָ, ווי טיל אולענשפּיגעל דע־קאָסטערס אונ ניט ווייניק אַנדערע, וואָס האָבנ דעמ זעלבנ ווערט, ווי די צוויי. אײנער פֿונ די סאַמע וואָגיקע באַווײַזנ פֿונ דער בורזשואַזיעס אינטערעס טיפֿנ צו באַשרײַבנ פֿאַרברעכנס איז דער באַוווסטער פֿאַל מיט פּאָנסאָנ דיו־טערײַל: ווענ דער דאָזיקער אויטאָר האָט פֿאַרענדיקט זײַנ פֿילבענדיקנ ראָמאַנ וועגנ ראָקאַמבאָלנ מיטנ טויט פֿונעמ העלד, האָבנ די לײענער אָרגאַניזירט אַרומ טערײַלס דירע א דעמאָנסטראַציע, פֿאָדערנדיק, ער זאָל פֿאָרזעצנ דעמ ראָמאַנ, — א דערפֿאָלג, וואָס אַזאַ האָט נאָכ ניט געהאַט קײנ אײנער פֿונ די גרעסטע ליטעראַטנ אינ אייראָפּע. די לײענער האָבנ באַקומענ נאָכ עטלעכע בענדער „ראָקאַמבאָל", וואָס איז לעבעדיק געוואָרנ ניט נאָר פֿיזיש, נאָר אויכ מאָראַליש. דאָס איז א האַמעטנער בײַשפּיל, וואָס איז ברייט פֿאַרשפּרייט אונ איז געוויינלעכ פֿאַר דער גאַנצער בורזשואַזער ליטעראַטור, וויאַזוי צו פֿאַרוואַנדלענ א מערדער אונ א רויבער אינ א וווילנ בורזשואַ. מיט דער געשיקטקייט פֿונ גאַנאָווימ, מיט דער ביטערקייט פֿונ מערדער האָט די בורזשואַזיע זיכ געצאַצקעט פּונקט מיט אַזאַ פֿאַרגעניגנ, ווי מיט דער ווײַטזעעוודיקייט פֿונ די דעטעקטיוונ. דער דעטעקטיווער ראָמאַנ איז ביז הײַנטיקנ טאָג די באַליבסטע גײַסטיקע שפּײַז פֿונ די זאַטע מענטשנ אינ אייראָפּע. אונ אַרײַנדרינגענדיק אינ דער סוויווע פֿונעמ האַלב הונגעריקנ אַרבעטער, האָט דער דאָזיקער ראָמאַנ געדינט אונ דינט אַלס אײנע פֿונ די סיבעס פֿונעמ לאַנגזאַמענ וווּקס פֿונעמ קלאַסנ־באַוווסטזײַנ, ער דערוועקט די סימפּאַטיע צו פֿליִנקע גנאָווימ, דעמ ווילנ צו גנייווע — צו א פּאַרטיזאַנישער מילכאָמע פֿונ יעכידימ קעגנ בורזשואַזנ אײגנטומ, אונ, באַשטעטיקנדיק דער בורזשואַזיעס נישטיקע אָפּשאַצונג פֿונעמ לעבנ פֿונעמ אַרבעטער־קלאַס, העלפֿט ער דעמ וווּקס פֿונ מאָרדנ אונ אַנדערע פֿאַרברעכנס קעגנ דער פּערזענלעכקייט. די הויכע ליבע פֿונ די אייראָפּעישע באַלעבאָסלעכ צו די ראָמאַנענ פֿונ פֿאַרברעכנס, ווערט באַשטעטיקט מיט דער צאָלרײַכער מאַסע אויטאָרס פֿונ אַזעלכע ראָמאַנענ אונ מיט די ציפֿערנ פֿונ די טיראַזשנ.

ס'איז זייער אינטערעסאַנט דער פאַקט, וואָס אינ 19־טנ יאָרהונ־
דערט, ווענ די קליינשווינדלערײַ האָט אָנגענומענ א העראָישנ אונ סאָ־
לידנ פאָרעמ, האָט אפ די בירזשעס, אינ די פּאַרלאַמענטנ, אינ דער
פּרעסע דער פּלוט אלס העלד פונעמ ראָמאַנ אָפּגעטראָטנ זײַנ אָרט דעמ
דעטעקטיוו, וואָס פלעגט אינ דער וועלט פונ בוילעט־אויסגעשפּראָכענע
פאַרברעכנס קעגנ דעמ ארבעטער־פאָלק וועלטנ פלינק אופדעקנ די סוידעספּור־
לע, אָבער אויסגעטראַכטע פאַרברעכנס. פאַרשטייט זיכ, ס'איז גאָרניט
צופעליק, וואָס דער בארימטער שערלאָק האָלמס האָט זיכ באַוויזנ אינ
ענגלאַנד, אונ נאָכ ווייניקער צופעליק איז, וואָס צוגלײַכ מיטנ געניאַלנ
דעטעקטיוו איז אופגעקומענ דער „גאַנעוו־דזשענטלמענ", וואָס מאַכט
צומ נאַר די איבערגעשפּיצטע דעטעקטיווג. יענע, וואָס באַנעמענ אָט
דעמ העלדנ־אומבײַט, ווי א „שפּיל פונ דער פאַנטאַזיע", האָבנ א טאָעס.
די פאָרשטעלונג־קראַפט שאַפט דאָס, וואָס עס זאָגט איר אונטער די
ווירקלעכקײַט, אינ איר שפּילט ניט קיינ באַהלאָזע, פונעמ לעבנ
אָפּגעריסענע פאַנטאַזיע, נאָר יענע אבסאָליוט רעאַלע סיבעס, וואָס
צווינגענ, צומ בײַשפּיל, די „רעכטע" אונ „לינקע" פראַנצויזישע פּאָ־
ליטיקער צו שפּילנ אינ פוטבאָל מיטנ טויטנ קערפּער פונעמ „גאַנעוו־
דזשענטלמענ" סטאַוויסקי, שטרעבנדיק צו פאַרענטפערנ די האַזיקע שפּיל
אפ קוויט.

פונ אלע פאָרמענ קינסטלערישער וואָרט־שאַפונג ווערט אָנער־קענט
אלס די סאַמע שטאַרקסטע לויט איר ווירקונג אפ מענטשנ די דראַמע
אונ די קאָמעדיע, וואָס אַנטבלויזנ די עמאָציעס אונ די געדאַנקענ פונ
די העלדנ אינ דער לעבעדיקער האַנדלונג אפ דער טעאַטער־בינע. אויב
מע זאָל דעמ אַנטוויקלונג־גאַנג פונ דער אייראָפּייִשער דראַמע אָנהייבנ
פונ שעקספּירנ, וועט זי זיכ ווײַטער אַראָפּלאָזנ ביז קאָצעבו, נעסטאָר
קוקאָלניק, סאַרדו אונ נאָכ נידעריקער אונ די קאָמעדיע פונ מאָליער
וועט פאַלנ ביז סקריב, פּאַליעראָנ, אונ בא אונדז — נאָכ גריבאָיעדאָווג
אונ גאָגאָלנ פאַרשווינדט זי קימאַט אינגאַנצנ. אזוי ווי די קונסט שיל־
דערט מענטשנ, וואָלט מענ געקאָנט, דוכט זיכ, קומענ צומ באַשלוס,
אז די יעריידע פונ דער דראַמאַטישער קונסט באַווײַזט אונדז די דעגראַ־
דאַציע פונ שטאַרקע, שאַרפ אויסגעפורעמטע כאַראַקטערס, אונ אז
„גרויסע מענטשנ" זײַנענ פאַרשווונדנ געוואָרנ.

אָבער ביז הײַנטיקנ טאָג לעבנ נאָכ אונ פונקציאָנירנ אזעלכע טיפּנ,
ווי, צומ בײַשפּיל, דער פאַרהאַסטער טערסיט אינ דער בורזשואַזער
זשורנאַליסטיק, דער מיזאַנטראָפּ טימאָנ דער אַטענער אינ דער ליטעראַ־

טור, דער וווּכערניק שײַלאָק — אינ דער פּאָליטיק, אונ אויכ יודאַ, דער פֿאַררעטער פֿונעם אַרבעטער-קלאַס אונ פֿיל אַנדערע פֿיגורנ, וואָס זײַנענ אויסגעצייכנט געשילדערט אינ דער פֿאַרגאַנגענהײַט. פֿונעם 17-טנ יאָרהונדערט ביז אונדזער צײַט זײַנענ זיי אויסגעוואַקסנ אינ דער צאָל אונ זיי זײַנענ געוואָרנ נאָכ מער העסלעכ לויט זייער קוואַליטעט. דער אוואַנטיוריסט דזשאָנ לאָו איז אַ יינגל אונ אַ הונט אינ פֿאַרגלײַכ מיט די אוואַנטיוריסטנ פֿונעם טיפּ אוסטריק, סטאַוויסקי, איוואַר קרייגער אונ ענלעכע צו זיי גרעסטע זשוליקעס פֿונעם 20-טנ יאָרהונדערט. סעסיל ראָדס אונ אַנדערע טוער אַפֿנ געביט פֿונ קאָלאָניאַלנ רויב זײַנענ ניט ערגער פֿונ קאָרטעסנ אונ פּיזאַראָ. די קעניגנ פֿונ גאַפּט, שטאָל אונ אַנדערע זײַנענ אַ סאַכ שרעקלעכער אונ פֿאַרברעכערישער פֿונ ליודאָוויק דעמ עלפֿטנ אָדער איוואַנ דעמ גרויזאַמענ. אינ די קלייניקע רעפּובליקנ פֿונ דאָרעמ-אַמעריקע זײַנענ טעטיק מענטשנ ניט וויניקער העלע, ווי די קאָנדאָטיערס פֿונ איטאַליע אינ 14-טנ, 15-טנ יאָרהונדערטער. פֿאָרד — איז ניט די איינציקע קאַריקאַטור אַפֿ ראָבערט אָוענ. די שווינדערהאַפֿטע פֿיגור פֿונ פּירפּאָנט מאָרגאַנ האָט צו זיכ קיינ גלײַכנ ניט אינ דער פֿאַרגאַנגענהײַט, אויב מע זאָל פֿאַרגעסנ וועגנ איינעמ אַנ אוראַלטנ קייסער, וועמענ מע האָט פֿאַרשטאָפּט דעמ גאָרגל מיט צעגליטנ גאָלד.

די אויסגערעכנטע טיפּנ שעפֿנ, פֿאַרשטייט זיכ, ניט אויס די פֿאַרשיידנאַרטיקײַט פֿונ די „גרויסע" מענטשנ, וואָס זײַנענ געשאַפֿנ געוואָרנ אינ דער פּראַקטיק פֿונ דער בורזשואַזיע אינ 19—20-טנ יאָרהונדערטער. די אַלע מענטשנ קאָנ מענ ניט אָפּזאָגנ אינ קראַפֿט פֿונ זייער כאַראַקטער, אינ געניאַלער געניטקײַט צו ציילנ געלט, באַרויבנ די וועלט, פֿאַרפֿירנ צווישנפֿעלקערלעכע שכיטעס צוליב זייער פּערזענלעכער באַרײַכערונג. מע קאָנ ניט זאָגנ, אַז זייער טײַוולש-העסלעכע אַרבעט איז ניט גרענעצלאָז אומפֿאַרשעמט אונ אומענטשלעכ. די קריטיק די רעאַליסטישע, די הויכ-קינסטלערישע ליטעראַטור אינ אייראָפּע איז פֿאַרבײַגעגאַנגענ אונ גייט פֿאַרבײַ די דאָזיקע מענטשנ, ניט באַמערקנדיק זיי, אָדער אַזוי ווי זי וואָלט זיי ניט באַמערקט.

ניט אינ דער דראַמע, ניט אינעמ ראָמאַנ געפֿינענ מיר ניט קיינ טיפּ פֿונ אַ באַנקיר, אינדוסטריעלער, פּאָליטיקער, וואָס זאָלנ געשילדערט ווערנ מיט דער זעלבער קראַפֿט פֿונ דער קונסט, מיט וועלכער די ליטעראַטור האָט געגעבנ דעמ טיפּ פֿונ „איבעריקע מענטשנ". זי האָט אויכ ניט פֿאַרצייכנט דעמ טראַגישנ אונ גאַנצ געוויינלעכנ גורל

פונ די מייסטערס אונ שעפער פונ דער בורזשואזער קולטור — די טועער פונ דער וויסנשאפט, פונ דער קונסט, די דערפינדער אפנ געביט פונ דער טעכניק, זי האט ניט פארצייכנט די העלדנ, וואס האבנ געקעמפט צו באפרייענ די נאציעס פונ אונטערנ דרוק פונ די פרעמלענדישע, זי האט אויכ ניט באצייכנט די טרוימער וועגנ דער ברודערשאפט פונ אלע מענטשנ, אזעלכע, ווי טאמאס מאר, קאמפאנעלא, פוריע, סענ־סימאנ אונ אנדערע. דאס אלצ ווערט געזאגט ניט אלס א פארוואורפ. די פאר־גאנגענהייט איז ניט פארווארפלאז, אבער פארוואורפנ איר איז אומזיניק, נאר דערלערנענ זי איז נייטיק.

## די שעפערישע אָנמעכטיקייט פונ דער בורזשואזער אייראָפּע

וואס האט געבראכט די ליטעראטור פונ אייראפע צו דער שעפע־רישער אנמעכטיקייט, וואס זי האט אנטפלעקט אינ 20־טנ יארהונ־דערט? ליידנשאפטלעכ אונ באריידעוודיק איז פארטיידיקט געווארנ די פרייהייט פונ דער קונסט, דער קאפריז פונעמ שעפערישנ געדאנק, מע האט אפ אלערליי אויפאנימ באהויפט, אז עס איז מעגלעכ קלאסנלאזע עקזיסטענצ אונ אנטוויקלונג פונ דער ליטעראטור, איר אומאפהענגי־קייט פונ דער סאציאלער פאליטיק. דאס דאזיקע באהויפטנ איז גע־ווענ א שלעכטע פאליטיק. געראד זי האט אומבאמערקט דערפירט פיל ליטעראטנ צו דער נויטיקייט צו פארשמעלערנ דעמ קרייז באאבאכ־טונגענ פונ דער ווירקלעכקייט, אפצוזאגנ זיכ פונעמ ברייטנ, אלזיי־טיקנ דערלערנענ זי, אנטצושליסנ זיכ אינ דער „איינזאמקייט פונ זייער נעשאמע", אפצושטעלנ זיכ אפנ פרוכטלאזנ „דערקענענ זיכ אליינ" דורכ זעלבסטפארטיפונג אונ קאפריזפולקייט פונעמ געדאנק, וואס איז אפגעריסנ פונעמ לעבנ. האט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דער מענטש איז אומדערקענבאר אויסער דער ווירקלעכקייט, וואס איז דורכ־אונ־דורכ דורכגעזאפט מיט פאליטיק. ס'האט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דער מענטש, ווי קינציק ער זאל ניט אויסטראכטנ זיכ אליינ, פארבלייבט ער דאכ א סאציאלער אייגנס, אונ ניט קיינ קאסמישער, ווי די פלאנעטנ. אונ ווייטער האט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דער אינדיווידואליזמ, ווערנדיק פארוואנדלט אינ עגאצענטריזמ, שאפט „איבעריקע מענטשנ". ס'איז שוינ ניט איינמאל געזאגט געווארנ, אז דער בעסטער, סאמע קינציק אונ איבערצייגנדיק פאנאנדערגעארבעטער העלד פונ דער אייראפייִשער

ליטעראטור אינ 19־טנ יאָרהונדערט איז דער טיפ „איבעריקער מענטש".
גראָד אפ דעמ דאָזיקנ טיפ האָט זיכ אָפּגעשטעלט די ליטעראטור אינ איר אנטוויקלונג פונ דעמ ארבעט־העלד — דעמ מענטשנ, וואָס איז טעכניש אומבאוואָפנט, אָבער וואָס האָט פאָרויסגעזענ די זיגרייכע קראפט זײַנע; פונעמ פעאָדאלנ דעראָבערער — פונעמ מענטשנ, וואָס האָט פארשטאנענ, אז אָפּנעמענ איז גרינגער ווי מאכנ; פונ דעמ בור־זשואזיעס באליבטנ פלוט, איר „לעבנס־לערער" — פונעמ מענטשנ, וואָס האָט זיכ אָנגעשטויסנ, אז אָפּנארנ אונ גאנווענענ איז גרינגער, ווי ארבעטנ, — גראָד אפ דעמ האָט זי זיכ אָפּגעשטעלט, אויסמײַדנ־דיק די העלע פיגורנ פונ די גרונט־ליגער פונעמ קאפיטאליזמ אונ די אונטערדריקער פונ דער מענטשהײַט, וואָס זײַנענ א סאַכ מער אומענ־טשלעכ, ווי די פעאָדאלע גוטבאזיצער, בישאָפנ, קעניגנ, קייסאָרימ.

אינ דער בורזשואזער מײַרעוו־ליטעראטור דארפ מענ אויכ אומבא־דינגט אונטערשיידנ צוויי גרופעס אווטאָרס: איינ גרופע האָט געלויבט אונ פארויילט איר קלאס: טראָלאָפּ, ווילקי, קאָלינז, ברעדאנ, מאריעט, דזשעראָמ, פאָל־דע־קאָק, פאָל־פעוואל, אָקטאוו פעליע, אָנע, געאָרג סא־מאראָוו, יוליוס שטינדע אונ הונדערטער ענלעכע צו זיי. דאָס אלצ זײַ־נענ טיפּישע „ווילע בורזשוא", קנאפּ טאלאנטירטע, אָבער פלינקע אונ באנאלע, ווי זייערע לייענער. די צווייטע גרופע ציילט קנאפּע צענדלי־קער, אונ דאָס זײַנענ די גרעסטע שעפער פונעמ קריטישנ רעאליזמ אונ רעוואָליוציאָנערנ ראָמאנטיזמ. אלע זײַנענ זיי אָפּטרינניקעס, „פאר־בלאָנדזשעטע קינדער" פונ זייער קלאס, גוטבאזיצער, וואָס זײַנענ רוי־נירט געוואָרנ דורכ דער בורזשואזיע, אָדער קינדער פונ דער קליינ־בורזשואזיע, וואָס האָבנ זיכ ארויסגעריסנ פונ דער שטיקנדיקער אט־מאָספער פונ זייער קלאס. די ביכער פונ דער דאָזיקער גרופע אייראָ־פּעישע ליטעראטנ האָבנ פאר אונדז א טאָפּלטנ אונ אומבאשטרײַט־בארנ ווערט: ערשטנס, אלס טעכניש מוסטערהאפטע ווערק פונ דער לי־טעראטור, צווייטנס, אלס דאָקומענטנ, וואָס דערקלערנ דעמ פראָצעס פונ דער אנטוויקלונג אונ צעלייגונג פונ דער בורזשואזיע, דאָקומענטנ, וואָס עס האָבנ געשאפנ די אָפּטרינניקעס פונ דעמ דאָזיקנ קלאס, נאָר וואָס באלויכטנ קריטיש זײַנ שטייגער, זײַנע טראדיציעס אונ זײַנע טאטנ.

א גענויער אנאליז פונ אט דער ראָליע פונעמ קריטישנ רעאליזמ אינ דער אייראָפּעישער ליטעראטור פונעמ 19־טנ יאָרהונדערט גייט ניט אריינ אינ מײַנ פאָרטראג. דער גרונט־טאָנ זײַנער באשטייט אי־

נעמ קאמפ קעגנ דעמ קאָנסערוואטיזמ פונ די פעאָדאלנ, וואָס די גרויס-בורזשואזיע האָט געמאכט אופלעבנ, אינעמ קאמפ דורכנ אָרגא-ניזירנ די דעמאָקראטיע, דאָס הייסט, דאָס קליינבירגערטומ, אפנ באָדנ פונ ליבעראלע הומאניטארע אידייענ, דערבײַ איז די אָרגאניזירונג פונ דער דעמאָקראטיע פונ פיל אווטערס אונ פונ דער מערהײַט לייע-נער פארשטאנענ געוואָרנ, ווי א נייטיקײַט פונ פארטיידיקונג אי קעגנ דער גרויס-בורזשואזיע, אי קעגנ דעמ אלצ שטארקערנ אָנדרוק מיצאד דעמ פראָלעטאריאט.

## די רוסישע ליטעראטור פונעמ XIX יאָרהונדערט

אײַכ איז באוווסט דער פאקט, אז די אויסערגעוויינלעכ מעכטיקע אנטוויקלונג פונ דער רוסישער ליטעראטור אינ 19-טנ יאָרהונדערט האָט איבערגעכאזערט — האגאמ מיט א געוויסער פארשפעטיקונג — אלע שטימונגענ אונ שטרעמונגענ פונ דער מערעוו-ליטעראטור אונ האָט, פונ איר זײַט, געווירקט אפ איר. אלס באזונדערקײַט פונ דער רו-סישער בורזשואזער ליטעראטור קאָנ מענ אָנערקענענ דעמ שעפע טיפנ פונ „איבעריקע מענטשנ", וואָס צווישנ זיי זײַנענ גאנצ אייגנארטיק די טיפנ פונ „שטיפער", וואָס זײַנענ ניט באקאנט אינ אייראָפּע. אינעמ פאָלקלאָר איז דאָס וואסילי בוסלייעוו, אינ דער געשיכטע איז דאָס פיאָדאָר טאָלסטאָי, מיכאיל באקונינ אונ ענלעכע. אונ דערנאָכ דער טיפ פונעמ אדעליקנ דעמ באלטשוווע אינ דער ליטעראטור, אנ אָריגינאל אונ דעספּאָט אינ לעבנ.

אונדזער ליטעראטור, ווי אינ מערעוו, האָט זיכ אנטוויקלט לויט צוויי ליניעס: די ליניע פונ קריטישנ רעאליזמ: פאָנוויזינ, גריבאָיע-דאָוו, גאָגאָל אאוו. ביז טשעכאָוו, בונינענ. אונ די ליניע פונ דער רײַנ באלעבעטלדיקער ליטעראטור: בולגארינ, מאסאלסקי, זאָטאָוו, גאָליצינ-סקי, וואָנליארליארסקי, ווסעוואָלאָד קרעסטאָווסקי, ווסעוו. סאָלאָוויאָוו ביז לייקינענ אונ אווערטשענקאָ אונ ענלעכע.

ווענ געבנ דעמ דראָבערער דעמ פעאָדאל האָט זיכ געשטעלט דער פליגקער רייכ-געוואָרענער שווינדלער, האָט אונדזער פאָלקלאָר געגעבנ דעמ גוויר אלס מיטגייער איוואנ דעמ נאר, אנ אורחאָנישער-טיפ פונ א מענטשנ, וואָס ווערט רײַכ אונ ווערט אפילע א קייסער מיט דער הילפ פונ א פארקריפּלטנ פערד, וואָס האָט פארביטנ די ווילדע קישעפמאכערנ פונ די ריטערישע מײַסעלעכ. דער גוויר האָט זיכ געקויפט

העלדנטום דורך א נעראָווע פאַר די אָרעמע שקלאַפן, וואָס זייער בלינדע קראַפט האָט געהאָלפן באַראַבעווען זיי פון דעם דער־אָבערער, פון דעם גביר.

די קירכע, וואָס האָט געשטרעבט צו מאַכן דעם שקלאַף איינוויליק אָפּ זיין גורל און צו פאַרפעסטיקן איר מאַכט איבער זיין סייכל, האָט אים געטרייסט, שאַפנדיק העלדן פון האַכנאָע און געדולד, מאַרטירער „פאַר קריסטוסן", שאַפנדיק „נעזירים", אַרויסטרייבנדיק די מענטשן, וואָס זיינען פאַר איר ניט נוצלעך, אין די וויסטענישן, וועלדער און מאָנאַסטירן.

וואָס מער עס האָט זיך געברעקלט דער קאָמאַנדירנדיקער קלאַס, אַלץ דריבנער זיינען די העלדן. ס'איז געקומען דער מאָמענט, ווען די „נאַרן" פונעם פאָלקלאָר האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין סאַנטשאָ פאַנסאָ, סימפּליציסימוס, אולענשפּיגעל און זיינען געוואָרן קליגער פאַר די פעאָדאַלן, זיי האָבן באַקומען די דרייסטקייט אויסצולאַכן די הערן און אַ צווייפל מיטגעהאָלפן דעם וווּקס פון די שטימונגען, וואָס אין דער ערשטער העלפט פונעם 16־טן יאָרהונדערט האָבן זיי זיך אויסגעדריקט אין די אידייען פון די „טאַבאָריטן", און אין דער פּראַק־טיק — אין די פּויערשע מילכאָמעס קעגן די ריטער.

מע קען ניט וויסן די עמעסע געשיכטע פונעם האָרעפּאַשנעם פאָלק, ניט וויסנדיק די מינדלעכע פאָלקשאַפונג, וואָס האָט קעסיידער און באַשטימט געווירקט אויף דער שאַפונג פון אַזוינע גאָר גרויסע ווערק פון דער בוך־ליטעראַטור, ווי, צום ביישפּיל, „פאַוסט", „די פאַסירונגען פונעם באַראָן מינכהאַוזען", „פאַנטאַגרועל" און גאַרגאַנטואַ", „טיל אולענשפּיגעל" דע קאָסטערס, „דער באַפרייטער פּראָמעטיי" שעליס און אַ סך אַנדערע. פונעם טיפן אַלטערטום איז דער פאָלקלאָר טריט בא טריט און אייגנאַרטיק נאָכגעגאַנגען נאָך דער געשיכטע. ער האָט זיין מיינונג וועגן דער טעטיקייט פון ליודאָוויק דעם עלפטן, איוואַן דעם גרויזאַמען. און די דאָזיקע מיינונג אונטערשיידט זיך שאַרף פון די אָפּשאַצונגען פון דער געשיכטע, וואָס ספּעציאַליסטן האָבן אָנגע־שריבן, ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן זיך ניט זייער שטאַרק אינטערע־סירט מיט דער פראַגע וועגן דעם, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אינעם לעבן פונעם האָרעפּאַשנעם פאָלק דער קאַמף פון די מאָנאַרכן קעגן די פעאָדאַלן. די גראָב־געוואַלטזאַמע „פּראָפּאַגאַנדע" פון דער קאַר־טאָפל־קולטור שאַפט א גאַנצע ריי לעגענדעס און איבערגלויבנס וועגן דעם, אז קאַרטאָפל קומט פונעם צעגייפּאַרן זיך פונעם טייוול מיט

אנ אויסגעלאסנ מײדל, דאָס איז אנ אָפּנײג אינ דער זײַט פונ פאַר-צײַטיקנ באַרבאַריזמ, וואָס איז געהײליקט געוואָרנ מיט דער נאַריש-קײט פונ די קירכלעכע אידײענ: „קריסטוס אונ די הײליקע האָבנ ניט געגעסנ קײנ קאַרטאָפל". אָבער דער זשעליביקער פאָלקלאָר האָט אינ אונ-דזער צײַט אויפגעהויבנ וולאַדימיר לענינענ אפ דער הײכ פונ א מיפישנ העלד פונעמ אלטערטומ, וואָס איז גלײַכ צו פּראָמעטײענ.

א מיפ איז א געדאַכט. הײסט — אַרויסנעמענ פונ דער סומע רעאַל-געגעבענעמ דעמ גרונטזינ אונ אימ פאַר-קערפּערנ אינ א בילד. אזוי וועלנ מיר באַקומענ רעאַליזמ. אָבער אויב צומ זינ, וואָס מע האָט אַרויסגענומענ פונעמ רעאַל-געגעבענעמ זאָל מענ צוגעבנ, צוטראַכטנ לויט דער היפּאָטעז-לאָגיק דאָס געווינ-טשענע, מעגלעכע, אונ דערמיט נאָכ דערגאַנצנ דאָס בילד, וועלנ מיר באַקומענ דעמ ראָמאַנטיזמ, וואָס ליגט אינעמ יעסאָד פונ א מיפ אונ, וואָס איז זײער נוצלעכ דערמיט, וואָס ער העלפט דערוועקנ די רעוואָלוציאָנערע באַציונג צו דער ווירקלעכקײט, א באַציונג, וואָס ענדערט פּראַקטיש די וועלט.

די בורזשואזע געזעלשאַפט, ווי מיר זעענ, האָט אַבסאָליוט פאַר-לאָרנ די פײַיקײט אויסצודאַכטנ אינ דער קונסט. די היפּאָטעז-לאָגיק איז געבליבנ אונ ווירקט אויפרעגנדיק בלויז אפנ געביט פונ די וויסנ-שאַפטנ, וואָס באַזירנ זיכ אפ עקספּערימענטנ. דער בורזשואזער אינדי-ווידואַליסטישער ראָמאַנטיזמ מיט זײַנ נײגונג צו פאַנטאַסטיק אונ מיסטיק וועקט ניט די פאָרשטעלונג-קראַפט, טרײַבט ניט דעמ גע-דאַנק. אָפּגעריסנ, אַבסטראַהירט פונ דער ווירקלעכקײט, בויט ער זיכ ניט אפ דער איבערצײַגונג-קראַפט פונעמ געשטאַלט, נאָר קימאַט אויס-שליסלעכ אפנ „קישעפ פונעמ וואָרט", ווי מיר זעענ דאָס בא מאַרסעל פּרוסטנ אונ בא זײַנע אָנהענגער. די ראָמאַנטיקער פונ דער בורזשואַ-זיע, אָנגעהויבנ פונ נאָוואַליסנ, דאָס זײַנענ מענטשנ פונעמ טיפ פּע-טער שלעמיל, פונעמ מענטשנ, וואָס האָט פאַרלאָרנ זײַנ שאָטנ, אונ שלעמילנ האָט געשאַפנ שאַמיסאָ, א פראַנצויזישער עמיגראַנט, וואָס האָט אינ דײַטשלאַנד געשריבנ אפ דײַטש. דער ליטעראַט פונעמ מאָ-דערנעמ מײַרעוו האָט אויכ פאַרלאָרנ זײַנ שאָטנ, עמיגרירנדיק פונ דער ווירקלעכקײט צו ניהיליזמ אונ פאַרצווייפלונג, ווי דאָס איז צו זעענ פונ לוי סעלינס בוכ „א רײַזע אינ קאַנט פונ דער נאַכט"; באַרדאַמו, דער העלד פונ דעמ דאָזיקנ בוכ, האָט פאַרלאָרנ זײַנ הײמלאַנד, ער פאַראַכטעט די מענטשנ, זײַנ מוטער רופט ער אָנ „צוינ", די געליבטע—

„סטעפּווע“. ער איז גלײַכגילטיק צו אַלע פֿאַרברעכנס און ער האָט ניט קיין שום גרונט „צוצושטיין“ צום רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און ער איז פֿולשטענדיק צײַטיק געוואָרן אויפֿצונעמען דעם פֿאַשיזם.

עס איז פֿעסטגעשטעלט טורגענעווס ווירקונג אויף די ליטעראַטורן פֿון סקאַנדינאַווישן האַלבאינדזל. עס איז אָנערקענט לעוו טאָלסטאָיס אײַנפֿלוס אויפֿן גראַף פֿאָלען, רענע באַזען, עסטאָניע, ט. האַרדי און זײַן ראָמאַן „טעס“ און אויף אַ רײ אַנדערע שרײַבער אין אייראָפּע. און באַזונדערס שטאַרק איז געווען און עס איז דאָסטאָיעווסקיס אײַנפֿלוס, וואָס ניטשע האָט אָנערקענט, וועמעס אידייען עס זײַנען געלייגט געוואָרן אין גרונט פֿון דער בײַעשער פּרײַדיקונג און פּראַקטיק פֿונעם פֿאַשיזם.

דאָסטאָיעווסקין געהערט דער רום פֿון אַ מענטשן, וואָס אין דער פּערזאָן פֿונעם העלד פֿון די „נאָטיצן פֿון דער אונטערערד“ האָט ער מיט אויסערגעוויינלעכער העלער פֿולקומענהייט פֿון דער וואָרטקונסט געגעבן אַ טיפּ פֿון אַן עגאָצענטריסט, אַ טיפּ פֿון אַ סאָציאַלן דעגענעראַט. מיטן טריומף פֿון אַ ניט אָנגעוויטיקטן נעקאָמע־נעמער פֿאַר זײַנע פּערזענלעכע צאָרעס און לײַדן, פֿאַר די טרוימען פֿון זײַן יוגנט, האָט דאָסטאָיעווסקי מיט דער פֿיגור פֿון זײַן העלד באַוויזן ביז וואָס פֿאַר אַ נידערטרעכטיקן קוויטש עס קאָן דערלעבן אַ אינדיווידואַליסט אין דער סוויווע פֿון די יונגע מענטשן אין 19—20 יאָרהונדערט, וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון לעבן. דער דאָזיקער מענטש זײַנער נעמט אין זיך אַרײַן די סאַמע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פֿון פֿרידריך ניטשען און פֿון מאַרקיז רעז עסענט, — דעם העלד פֿון גויסמאַנס ראָמאַן „פֿאַרקערט“, בורזשעס „שילער“ און פֿון באָריס סאַווינקאָוו, דעם אויטער און העלד פֿון זײַן ווערק, אָסקאַר ווײַלדס און אַרציבאַשעווס „סאַנין“ און נאָך אַ סך סאָציאַלע דעגענעראַטן, וואָס די אַנאַרכישע ווירקונג פֿון די אומענטשלעכע באַדינגונגען אין דער קאַפּיטאַליסטישער מעלוכע האָבן געשאַפֿן.

לויט ווי עס דערציילט ווערא ניקאָלײַעוונא פֿיגנער, האָט סאַווינקאָוו געדענקט פּונקט אַזוי, ווי די דעקאַדענטן:

„קיין מאָראַל איז ניטאָ: פֿאַראַן נאָר שיינקייט. און שיינקייט איז די פֿרײַע אַנטוויקלונג פֿון דער פּערזענלעכקייט, די אומגעשטערטע פֿאַנאַנדערוויקלונג פֿון אַלץ, וואָס איז פֿאַרלייגט אין איר נעשאָמע“.

# די בורזשואַזע פערזענלעכקייַט, וואָס איז אַנטקעגנ־געשטעלט דער געזעלשאַפט

אונדז איז גוט באַוווּסט, מיט וואָס פאַר א פאַרפוילעניש עס איז באַלאַסטעט די נעשאָמע פונ דער בורזשואַזער פערזענלעכקייַט!

אינ דער מעלוכע, וואָס באַזירט זיכ אויפ אומזיניקע דערנידערנדיקע ליידנ פונ דער קאָלאָסאַלער מערהייט מענטשנ, האָט געדאַרפט האָבנ אונ עס האָט ווירקלעכ געהאַט אַנ אָנפירנדיקע אונ באַרעכטיקנדיקע באַדייטונג די פריידיקונג פונ אומפאַראַנטוואָרטלעכנ ווילקיר פונעם וואָרט אונ טאַט פונ דער פערזענלעכקייט. אַזעלכע אידייענ, ווי די אידייע, אַז „דער מענטש איז א דעספאָט לויט זייַנ נאַטור", אַז ער „האָט ליב צו זייַנ א פייניקער", „ביז ליידנשאַפט האָט ער ליב ליידנ", אונ אַז דעמ זינ פונעמ לעבנ, זייַנ גליק זעט ער דאַפקע אינעמ ווילקיר אונ אינ דער אומבאַגרענעצטער פרייהייט פונ טאַט, אַז בלויז אינ דעמ דאָזיקנ ווילקיר ליגט „די סאַמע נוצלעכע נוץ" פאַר אים, אונ אַז „זאָל די גאַנצע וועלט אונטערגיינ, אַבי איכ זאָל קענענ טיי טרינקענ", — אָט אַזעלכע אידייענ האָט דער קאַפּיטאַליזמ איינגעפלאַנצט אונ אינגאַנצנ באַרעכטיקט.

דאָסטאָיעווסקינ שרייבט מענ צו די ראָליע פונ אַנ עמעס־זוכער. אויב ער האָט געזוכט — האָט ער אימ געפונענ אינ דעמ בעסטיאַלישנ, כייִשנ יעסאָד פונעמ מענטשנ, אונ ער האָט עס געפונענ ניט קעדיי אָפּצולייקענענ, נאָר קעדיי באַרעכטיקנ. יאָ, דאָס כייִשע אינעמ מענטשנ לעבט, קאָלזמאַנ אינ דער בורזשואַזער געזעלשאַפט עקזיסטירט א קאָלאָסאַלער סכומ איינפלוסנ, וואָס צעפלאַקערנ די כייִע אינעמ מענטשנ. די שטוביקע קאַץ שפּילט זיכ מיט דער געכאַפּטער מויז דערפאַר, ווייל דאָס באָדערנ די מוסקולנ פונ דער כייִע, וואָס יאָגט זיכ נאָכ קליינע שנעלפיסיקע כייעלעכ, דאָס איז א שפּיל, א טרענירונג פונעמ קערפּער. דער פאַשיסט, וואָס האַקט אַראָפּ דעמ קאָפּ פונ אַנ אַרבעטער מיט א קלאַפּ פונעמ פוס, — דאָס איז שוינ ניט קיינ כייִע, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס איז אָנ אַנ ערגער פונ א כייִע, דאָס איז א מעשוגענע כייִע, וואָס דאַרפ פאַרניכט ווערנ, פּונקט אַזאַ שענדלעכע כייִע, ווי דער ווייסער אָפיצער, וואָס שניידט אויס פּאַסנ אונ שטערנ פונ דעמ רויטאַרמייִערס הויט.

עס איז שווער צו באַרשטיינ, וואָס אייגנטלעכ האָט דאָסטאָיעווסקי געזוכט, אָבער צומ סאָפ פונ זייַנ לעבנ האָט ער אויסגעפונענ, אַז דער

טאַלאַנטפולער אונ ערלעכסטער רוסישער מענטש, וויסאַריאָנ בעלינסקי, איז „די סאַמע איפּעשדיקע, טעמפּע אונ שענדלעכע דערשייַנונג אינעמ רוסישנ לעבנ“, אַז עס איז נייטיק אָפּצונעמענ בא די טערקנ סטאַמבול, אַז דאָס לייַבייגנטומרעכט ווירקט מיט „אידעאַל אָפּ די מאָראַלישע באַציונגענ פונ די פּריצימ אונ פּויערימ“, אונ צולעצט, האָט ער אָנערקענט אַלס זייַנ „גלויבנ־לערער“ קאָנסטאַנטינ פּאָבעדאָנאָסצעוונ, איינע פונ די סאַמע פינצטערע פיגורנ אינעמ רוסישנ לעבנ אָנהייב 19־טנ יאָרהונדערט. דאָסטאָיעווסקיס געניאַלקייט איז ניט צו באַשטרייטנ, לויט דער שילדערונג־קראַפט קאָנ זייַנ טאַלאַנט פאַרגלייכט ווערנ בלויז צו שעקספּירנ, אָבער אַלס פערזענלעכקייַט, אַלס „ריכטער פונ דער וועלט אונ פונ מענטשנ“ קאָנ מענ אימ זייער לייכט פאָרשטעלנ אינ דער ראָליע פונ א מיטלאַלטערלעכנ אינקוויזיטאָר.

איכ האָב דעריבער אָפּגעגעבנ אַזויפיל אָרט דאָסטאָיעווסקינ, ווייל אָנ דער ווירקונג פונ זיינע אידייענ איז קוימאַט אומעגלעכ צו פאַרשטיינ דעמ שאַרפנ קער פונ דער רוסישער ליטעראַטור אונ א טייל אינטעליגענצ נאָכ 1905—1906 פונעמ ראַדיקאַליזמ אונ דעמאָקראַטיזמ אינ דער זייט צו באַוואַכנ אונ באַשיצנ די בורזשואַזע „אָרדענונג“.

דאָס פאַרכאַפּט ווערנ מיט דאָסטאָיעווסקיס אידייענ האָט זיכ אָנגעהויבנ גלייַכ נאָכ זייַנ רעדע וועגנ פּושקינענ, נאָכדעמ, ווי עס איז צעגראָמירט געוואָרנ די פּאַרטיי נאַראָדאָוואָלצעס, וואָס האָט זיכ גע־פּרוּווט אומצוּוואַרפנ די זעלבסטהערשאַפט. נאָכ איידער דער פּראָלעטאַריאַט האָט אינ 1905 יאָר, ווענ ער האָט באַנומענ לענינס איינפאַכנ אונ גרויסנ עמעס, באַוויזנ דער וועלט זייַנ האַרב פּנימ, — האָט דער פאָרויסזעעוודיקער פּיאָטער סטרוּווע אָנגעהויבנ איבערצייַגנ די אינטעליגענצ פּונקט ווי א מיידל, וואָס האָט צופעליק פאַרלוירנ איר אומשולד, געזעצלעכ באַסעגע צו האָבנ מיט א באַיאָרטנ קאַפּיטאַליסט א שאַדכנ לויט זייַנ פאַכ, א בוכ־וואָרעמ, וואָס האָט אַבסאָליוט ניט קיינ אייגנאַרטיקייַט פונ געדאַנק, האָט ער אינ 1901 יאָר גערופנ „צוריק, צו פיכטענ“, — צו דער אידייע פונ אונטערוואַרפנ זיכ דעמ ווילנ פונ דער נאַציע, וואָס איז פאַרקערפּערט אינ די קרעמער אונ פּריצימ, אונ אינ 1907 יאָר איז אונטער זייַנ רעדאַקציע אונ מיט זייַנ אָנטייל אַרויס דער זאַמלבוכ „וועכי“, ווו עס איז דערקלערט געוואָרנ בוכשטעבלעכ פאָלגנדעס:

„מיר דאַרפנ דאַנקבאַר זייַנ דער מאַכט דערפאַר, וואָס זי באַוואַכט אונדז מיט באַגנעטנ פונ דעמ פאָלקס ווילדנ צאָרנ“.

די דאָזיקע נידערטרעכטיקע ווערטער האָט די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ אַרויסגערעדט אינ יענע טעג, ווענ דער אָנגעשטעלטער פונ די פּריצימ, דער מיניסטער סטאָליפּינ, פלעגט יעדנ טאָג הענגענ צענדליקער אַרבעטער אונ פּויערימ. אינעמ גרונט־זינ פונעמ זאַמלבוך „וועכי" איז איבערגעזאָגט דער ווילד־פאַנאַטישער געדאַנק פונעמ פאַרביטענעמ קאָנסערוואַטער קאָנסטאַנטינ לעאָנטיעוו, וואָס איז געזאָגט געוואָרנ אינ די 70־ער יאָרנ: „רוסלאַנד דאַרפ מענ צופרירנ", ד. ה. צעטרעטנ אינ אימ אַלע פונקענ פונעמ פייער פונ דער סאָציאַלער רעוואָליוציע. דעמ „וועכי"— דער דאָזיקער אַקט פונ רענעגאַטישקייט פונ די „קאָנסטיטוציאָנאַליסטנ־דעמאָקראַטנ" — האָט דער אַלטער רענעגאַט ליעוו טיכאָמיראָוו זייער שטאַרק באַגריסט אונ אימ אָנגערופנ: „די אויסנייכטערונג פונ דער רוסישער נעשאָמע אונ דאָס טבֿיעסהאַמייסימ פונעמ געוויסנ".

## די מאָראַלישע צעפאַלונג פונ דער פאַר רעוואָליוציאָנערער בורזשואַזער אינטעליגענץ

די צייט פונעמ 1907 ביזנ 1917 יאָר איז געווענ אַ צייט פונ פולשטענדיקנ ווילקיר פונעמ אומפאַראַנטוואָרטלעכנ געדאַנק, פונ פולשטענדיקער „שאַפונגס־פרייהייט" פונ די רוסישע ליטעראַטנ. די דאָזיקע פרייהייט האָט זיכ אויסגעדריקט אינעמ פּראָפּאַגאַנדירנ אַלע קאָנסערוואַטיווע אידייענ פונ דער מיערעו־בורזשואַזיע, די אידייענ, וואָס זיינענ אַוועק אינ גאַנג נאָכ דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע פונעמ סאָפּ 18־טנ יאָרהונדערט, אונ וואָס פלעגנ רעגולער אויפלאַקערנ נאָכנ 48־טנ אונ 71־טנ יאָר. עס איז געמאָלדנ געוואָרנ, אַז „בערגסאָנס פילאָזאָפיע באַצייכנט מיט זיכ אַ קאָלאָסאַלנ פּראָגרעס אינ דער געשיכטע פונעמ מענטשלעכנ געדאַנק", אַז בערגסאָנ „האָט אָנגעפילט אונ פאַרטיפט בערקליס טעאָריע", אַז „קאַנטס, לייבניצס, דעקאַרטס אונ העגעלס סיסטעמענ זיינענ טויטע סיסטעמענ אונ איבער זיי שיינענ, ווי די זונ, מיט אייביקער שיינקייט די ווערק פונ פּלאַטאָנ" — דעמ גרונטלייגער פונ דער סאַמע שעדלעכער פאַרגרייזונג, אַבסטראַהירט פונ דער רעאַלער ווירקלעכקייט, וואָס אַנטוויקלט זיכ אַלזייטיק אונ אָנ אויפהער אינ די פּראָצעסנ פונ דער אַרבעט, פונעמ שאַפנ.

דמ. מערעזשקאָווסקי, אַנ איינפלוסרייכער שרייבער, האָט דאַמאָלסט געשריבנ:

זאָל זײַנ, וואָס עס וועט זײַנ, — אַלצײַנס!
אַלצ האָט שוינ לאַנג דערעסנ
די דרײַ געטנס, די אײביקע שפּינערנס.
וואָס געווענ איז שטויב, וועט זײַנ שטויב!

סאָלאָגוב, נאָכפאָלגנדיק שאָפּענהויערנ, זײַענדיק בעפײַערש אָפּ־הענגיק פונ באַדלערנ אונ פונ די „פאַרשאָלטענע“, האָט מיט מערק־ווירדיקער דײַטלעכקײט געשילדערט דעמ „קאָסמישנ אומזינ פונ דעמ זײַנ פונ דער פּערזענלעכקײט“, אונ האַנגאַמ אינ פערזנ האָט ער נעבעכ־דיק געזיפּצט וועגנ דעמ, אָבער ער האָט געלעבט ווי א גליקלעכ באַ־לעבעסל, אונ אינ 14־טנ יאָר האָט ער געדראָט די דײַטשנ כאַרעווו צו מאַכנ בערלינ, ווי נאָר „דער שנײ וועט אַראָפּ פונ די טאָלנ“. מע האָט געפּרײַדיקט „עראָס אינ דער פּאָליטיק“, „מיסטישנ אַנאַרכיזמ“, דער אויסערסט ביטרער וואַסילי ראָזאַנאָוו האָט געפּרײַדיקט עראָטיק, לעאָניד אַנדרײַעוו האָט געשריבנ קאָשמאַרע דערצײלונגענ אונ פּיעסנ, אַרציבאַשעוו האָט אויסגעקליבנ אַלס העלד פונ זײַנ ראָמאַנ דעמ נויעפ־דיקנ אונ ווערטיקאַלנ באָק אינ הויזנ, אונ ביכלאַל פאַרדינט ביז גאָר דער יאָרצענדליק 1907—1917 דעמ נאָמענ פונ סאַמע שענדלעכנ אונ אומפאַרשעמטנ יאָרצענדליק אינ דער געשיכטע פונ דער רוסישער אינ־טעליגענצ.

אַזויווי אונדזער דעמאָקראַטישע אינטעליגענצ איז געווענ טרעגירט פונ דער געשיכטע ווײַניקער, ווי די אינטעליגענצ פונ מײַרעוו, — איז דער פּראָצעס פונ איר „מאָראַלישער“ צעפאַלונג, פונ איר אינטע־לעקטועלער פאַראָרעמונג געגאַנגענ בא אונדז שנעלער. אָבער דאָס איז א פּראָצעס אנ אַלגעמײנער פארנ קלײנבירגערטומ אינ אַלע לענדער אונ אג אומפאַרמײדלעכער פאַר יעדנ אינטעליגענט, וואָס וועט נית געפינענ אינ זיכ קײנ קראַפט אײַנצושליסנ זיכ אַנטשײדנ אינ דער מאַסע פונעמ פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז באַרופנ פונ דער געשיכטע צו ענדערנ די וועלט צומ אַלגעמײנעמ ווילזײַנ פאַר אַלע מענטשנ פונ ערלעכער אַרבעט.

מע האַרפּ צוגעבנ, אַז די רוסישע ליטעראַטור, פּונקט אַזויווי די מײַרעווודיקע, האָט אויסגעמיטנ די פּריציס, די אָרגאַניזאַטערס פונ דער אינדוסטריע, אונ די פינאַנסיסטנ פונ דער פאַררעוואָליוציאָנערער עפּאָכע, אונ בא אונדז זײַנענ די דאָזיקע מענטשנ געווענ א סאַכ אײגנ־אַרטיקער אונ קאָלאָריטישער, ווי אינ מײַרעוו. אויסער דער אויפמערק־

זאַמקייט פונ דער רוסישער ליטעראַטור זיינענ פאַרבליבנ אַזוינע קאָשמאַרע טיפּנ פונ ערדבאַזיצער, ווי דאָס זײַנענ, לעמאָשל, די באַרימטע סאַלטיטשיכע, דער גענעראַל איזמײַלאָוו און צענדליקער, הונדערטער פונ זייער גלייכנ. די קאַריקאַטורנ און שאַרזשנ גאָגאָלס אינעמ בוכ „מיאָרטוויע דושי" זײַנענ גאָרניט אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרנ פּריצישנ, פעאָדאַלנ רוסלאַנד, — די קאָראָבאָטשקעס, מאַנילאָווס, די פּעטוכס און סאָבאַקעוויטשעס מיט די נאָזדרעווס האָבנ געווירקט אַפ דער פּאָליטיק פונ דער זעלבסטהערשאַפט בלויז מיטנ פּאַסיוונ פאַקט פונ זייער עקזיסטענצ, און אַלס בלוטזויגער פונעמ פויערטומ זײַנענ זיי ניט זייער כאַראַקטעריסטיש. עס זײַנענ געווענ אַנדערע מײַסטערס און קינסטלער פונ בלוטזויגערײַ, מענטשנ פונ שרעקלעכנ מאָראַלישנ געשטאַלט, נויאַפּימ און עסטעטנ פונ פּײַניקונג. זייערע רעציכעס האָבנ די וואָרט־קינסטלער ניט פאַרצייכנט, אַפילו אַזוינע, ווי די גרעסטע פונ זיי, און וואָס זײַנענ פאַרליבט אינעמ פויער. די שטריכנ, וואָס אונטערשיידנ אונדזער גרויס־בורזשואַזיע פונ דער מײַרעוודיקער, זײַנענ זייער שאַרפע, צאָלרייכע און דערקלערנ זיכ דערמיט, וואָס אונדזער היסטאָריש יונגער בורזשוא, וואָס שטאַמט הויפּטזאַכלעכ פונעמ פויערטומ, איז רייכ געוואָרנ שנעלער און גרינגער, ווי דער היסטאָריש זייער באַיאָרנטער בורזשוא פונ מיירעוו. אונדזער אינדוסטריעלער, וואָס איז ניט טרענירט געוואָרנ דורכ דער האַרבער קאָנקורענצ פונ מײַרעוו, האָט אײַנגעהיט בא זיכ קימאַט ביזנ 20־טנ יאָרהונדערט דעמ שטריכ פונ שיגאָען, פונ שקאָציערײַ, וואָס איז אָפּאָנעמ אַרויסגערופנ געוואָרנ פונ זײַנ פאַרוווּנדערונג פאַר דער גאַרישער לייכטקײַט, מיט וועלכער ער האָט געשאַרט מיליאָנענ. וועגנ איינעמ פונ זיי, וועגנ פּיאָטער גובאָנינ, דערציילט דער באַוווּסטער טיבעטישער דאָקטער פּ. א. באַדמייעוו אינ זײַנ בראָשור „די קלוגשאַפט פונעמ רוסישנ פאָלק", וואָס איז דערשינענ אינ 17־טנ יאָר. אָט דאָס טשיקאַווע בראָשורל, וואָס רעדט איינ די יוגנט „אָפּצוזאָגנ זיכ פונ די טײַוולישע גראַמאָטעס, וואָס פאַרפירנ" זי „מיט די פּוסטע ווערטער: פרייהײַט, גלײַכהײַט, ברידערלעכקײַט", טיילט מיט וועגנ דעמ זונ פונ א מולער, און וועגנ דעמ מולער, א בויער פונ אײַזנבאַנענ:

„העכסט באַקאַוועדיקע אַלטע טשינאָווניקעס פונ די צײַטנ פונ רוסלאַנדס באַפרייונג, וואָס האָבנ ביז איצט נאָכ ניט פאַרגעסנ גובאָנינס צייטנ, דערציילנ פאָלגענדעס: גובאָנינ, וואָס פלעגט קומענ אינ די מיניסטעריומס אינ גרויסע געשמיר־

טע שטיוול, אינ א קאפטל מיט א זאק זילבער, פלעגט זיכ גריסנ אינעם שווייצאר־צימער מיט די שווייצארנ אונ קוריערנ, ער פלעגט ארויסנעמענ פונעמ זאק זילבער אונ פלעגט מיט א ברייטער האנט אלעמענ טיילנ, נידעריק פארנייגנדיק זיכ, זיי זאלנ ניט פארגעסנ זייער פיאטער יאנאוויטשנ. נאכדעמ פלעגט ער ארייננייענ אינ פארשיידענע דעפארטאמענטנ אונ אפטיילונ־ גענ, ווו ער פלעגט איבערלאזנ יעדנ טשינאווניק א פארכאס־ מעטנ קאנווערט — יעדנ לויט זיינ ווערדע — אנרופנדיק אלע־ מענ מיטנ נאמענ אונ אויכ פארנייגנדיק זיכ. מיט די עקסעלענצ־ פערזאנענ פלעגט ער זיכ באגריסנ אונ קושנ, אונ אנרופנ זיי ווילטעטיקער פונעמ רוסישנ פאלק אונ מע פלעגט אימ שנעל צולאזנ צומ (סאמע „וויסאקאפרעוואסכאדיטעלסטווא”, נאכדעמ, ווי פיאטער יאנאוויטש פלעגט אוועקגיינ פונעמ מיניס־ טעריומ, פלעגנ אלע שטארק זיינ צופרידנ. דאס איז געווענ אנ עכטער יאנטעוו, וואס קאנ זיכ פארגלייכנ נאר צו ווייגאכט אדער פייסעכ־טעג. יעדערער פלעגט איבערציילנ, וויפל ער האט באקומענ, פלעגט שמייכלענ, געהאט א מונטערנ אונ פריילעכנ אויס־ זענ אונ געטראכט, וויאזוי צו פארברענגענ דעמ רעשטל טאג אונ די נאכט ביז אפ מארגנ אינדערפרי. אינ דעמ שווייצאר־צימער פלעגט מענ שטאלצירנ מיט פיאטער יאנאוויטשנ, וואס האט געשטאמט פונ זייער סוויווע. מע פלעגט אימ אנרופנ — קלוגער אונ גוטער, מע פלעגט אויספרעגנ איינער באמ אנ־ דערנ וויפל ווער עס האט באקומענ, נאר יעדער פלעגט אויס־ באהאלטנ, ניט וועלנדיק קאמפראמעטירנ זיינ ווילטוער. די קליינע טשינאווניקלעכ פלעגנ זיכ אינ דער שטיל שושקענ צווישנ זיכ, זייענדיק גערירט דערפונ, וואס דער טייערער פיאטער יא־ נאוויטש האט זיי אויכ ניט פארגעסנ, ווי קלוג ער איז, ווי גוט אונ ערלעכ. די העכסטע באאמטע ביז דער הויכ־עקסעלענצ, פלעגנ ריידנ אפנ קאל, וואס פאר א קלארנ מעלוכע־קאפ ער האט, אונ אז ער ברענגט גרויסע נוצנ דעמ פאלק אונ דער מעלוכע, אונ אז מע דארפ אימ אויסצייכענענ, מע דארפ אימ איינלאדנ אפ די בעראטונגענ באמ פאנאגדעראַרבעטנ די אייזנבאנ־פראגנ, ווייל ער איז דער אייגציקקלוגער מענטש אינ אזוינע איניאנימ. אונ מע פלעגט אימ ווירקלעכ איינלאדנ אפ די וויכטיקסטע באַ־ ראטונגענ, ווו עס פלעגנ בייזיינ בלויז עקסעלענצ־פערזאנענ אונ

אינזשעניערן, און אַף די דאָזיקע באַראַטונגען איז די באַשליסנ־
דיקע שטים געווען גובאַנינס שטים".

די דערציילונג איז ענלעך אַף אַ איראָניע, אָבער דאָס איז אַ ביז
גאָר אופּריכטיקער לויב־געזאַנג פון דער אָרדענונג, וואָס בײַ איר האָט
דער קלינגענדיקער לאָזונג פון דער בורזשואַזיע „פרייהייט, גלײַכהייט
און ברידערלעכקייט" זיך אַרויסגעוויזן ווי פּוסטע ווערטער.

אַלץ, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דער שעפערישער אָנ־
מעכטיקייט פון דער בורזשואַזיע, וואָס איז אָפּגעשפּיגלט אין איר לי־
טעראַטור, קאָן זיך אויסדריקן פאַר צו פינצטער און קען אַרויסרופן
אַף מיין אַדרעס אַ פאָרוואורף אין טענדענציעזער איבערטרײַבונג, אָבער
פאַקטן בלײַבן פאַקטן און איך זע זיי אַזוינע, ווי זיי זײַנען.

עס איז נאַריש און אַפילע פאַרברעכעריש ניט צו דערשאַצן דעם
סוינעס קרעפטן. מיר ווייסן אַלע אויסגעצייכנט, ווי שטאַרק עס איז
זײַן אינדוסטריעלע טעכניק, און באַזונדערס די מיליטערישע, וואָס
וועט פריער אָדער שפּעטער זיין געצילט קעגן אונדז, אָבער זי וועט
אומפאַרמיידלעך אַרויסרופן אַן אַלוועלטלעכע סאָציאַלע רעוואָלוציע
און וועט פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם. די מיליטערישע אויטאָריטעטן
פון מײַרעוו וואָרענען עפנטלעך, אַז די מילכאָמע וועט אַרײַנציען דאָס
גאַנצע הינטערלאַנד, די גאַנצע באַפעלקערונג פון די מילכאָמע־האַלטנ־
דיקע לענדער. מע מעג מעשאַער זײַן, אַז דאָס צאָלרייכע קליינבירגער־
טום אין אייראָפּע, וואָס האָט נאָך ניט אינגאַנצן פאַרגעסן די גרוילן
פון דער בלוט־באָד אין די יאָרן 1914—1918, און וואָס איז אָנגע־
שראָקן פון דער גרויזאַמער אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ נייער נאָך
שרעקלעכערער שכיטע, וועט ענדלעך זיך אָנשטויסן, פאַר וועמען אייגנט־
לעך עס לוינט די צוקינפטיקע סאָציאַלע קאַטאַסטראָפע, ווער ס'איז
דער פאַרברעכער, וואָס ראָט אויס פעריאָדיש מיליאָנען פאָלק צוליב
זיינע שענדלעכע אייגנוצן, זי וועט זיך אָנשטויסן און וועט העלפן די
פּראָלעטאַריער צו צעברעכן דעם קאָפּ פונעם קאַפּיטאַליזם. מעשאַער
זיין דאָס קאָן מען, אָבער האָפן, אַז דאָס וועט זײַן אַזוי טאָר מען
ניט, ווייל עס לעבט נאָך דער יעזויִט און פּאַכדן, דער פירער פונעם
קליינבירגערטום, דער סאָציאַל־דעמאָקראַט. פעסט פאַרלאָזן זיך דאַרף
מען אַפן וווקס פונעם רעוואָלוציאָנערן רעכטבאַוווסטזײַן פונעם פּראָ־
לעטאַריאַט, אָבער נאָך בעסער איז פאַר אונדז צו זיין זיכער אין דער
אייגענער קראַפט און אָן אויפהער צו אַנטוויקלען זי. די אַנטוויקלונג
פונעם רעוואָלוציאָנערן זעלבסטבאַוווסטזײַן פונעם פּראָלעטאַריאַט, זיין

ליבע צום היימלאנד", וואָס ווערט פון אים געשאפן, און די באשיצונג פונעם היימלאנד — דאָס איז איינע פון די וועזנטלעכע פליכטן פון דער ליטעראטור.

## דער גרונט־העלד אין אונדזערע ביכער איז דער ארבעט־מענטש

אמאָל, פארצייטנס האָט די מינדלעכע קינסטלערישע שאפונג פון די ארבעטנדיקע געדינט אלס דער איינציקער אָרגאניזאטאָר פון זייער דערפארונג, אלס פארקערפּערונג פון די אידייען און געשטאלטן און אלס וועקער פון דער ארבעט־ענערגיע באם קאָלעקטיוו. מיר דארפן דאָס פארשטיין. אין אונדזער לאנד איז געשטעלט געוואָרן אלס ציל די גלייכמעסיקע קולטורעלע דערציִונג פון אלע איינסן, דאָס גלייכמע־סיקע פאר אלע מיטגלידער זיינע באקענען זיך מיט די דערפאָלגן און דערגרייכונגען פון דער ארבעט, שטרעבנדיק צו פארוואנדלען די מענטשנס ארבעט אין דער קונסט פון פארוואלטן מיט די נאטור־קרעפטן. אונדז איז מער אָדער ווייניקער באקאנט דער פּראָצעס פון דער עקאָנאָמישער און דערמיט שוין בעמיילע פּאָליטישער דיפערענ־ציִרונג פון מענטשן, דער פּראָצעס פון אוזורפּירן די רעכט פון די ארבעט־לייט אף דער פרייהייט פונעם וווּקס פון זייער פארנונפט. ווען וועלט־דערקענטעניש איז געוואָרן די זאך פון די פּריסטער, האָבן זיי זי געקאָנט פארפעסטיקן פאר זיך בלויז דורך מעטאפיזישער דער־קלערונג פון דערשיינונגען און פון די ווידערשטאנדן פון די סטי־כישע נאטור־קרעפטן קעגן די צילן און ענערגיע פון די ארבעט־לייט. דער דאָזיקער פארברעכערישער פּראָצעס פון אויסשליסן באזונדערע מיליאָנען מענטשן פון דער ארבעט פון וועלט־אויפאסונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אלטערטום און וואָס ווערט פאָרגעזעצט ביז היינ־טיקן טאָג, האָט געבראכט דערצו, אז הונדערטער מיליאָנען מענטשן, וואָס זיינען צעשפּליטערט דורך אידייען פון ראסע, נאציע, רעליגיע, זיינען פארבליבן אין א צושטאנד פון טיפער אומוויסנקייט, פון שרעק־לעכער גייסטיקער בלינדקייט, אין דער פינצטער פון אלערליי אָבער־גלויבנס, פאָראורטיילן, פאָרויסגענומענע מיינונגען. די פּארטיי קאָמו־ניסטן־לענינצעס, די ארבעטער־פּויערשע מאכט פונעם פארבאנד פון די סאָציאליסטישע ראטן, האָבנדיק פארניכטעט דעם קאפּיטאליזם אף גאנצן שעטעך פונעם צארישן רוסלאנד, האָבנדיק איבערגעגעבן די פּאָליטישע מאכט די ארבעטער און פּויערים אין די הענט, אָרגא־

ניזיונדיק א פרייע קלאסנלאָזע געזעלשאפט, האָבנ געשטעלט אלס דעמ ציל פונ זייער דרייסטער, קלוגשאפטלעכער, אומדערמידלעכער ארבעט דאָס באפרייענ די ארבעט-מאסע פונעמ פיל-דורעסדיקנ יאָכ פונ דער אלטער, אויסגעוועפטער געשיכטע, פונ דער קאפיטאליסטישער אנט־וויקלונג פונ דער קולטור, וואָס האָט איצט אָפנ אנטפלעקט אלע אירע בייזנ אונ איר שעפערישע אָנמעכטיקייט. פונ דער הייכ פונ דעמ דאָ־זיקנ גרויסנ ציל דארפנ טאקע מיר, ערלעכע ליטעראטנ פונעמ פאר־באנד פונ די ראטנ, באטראכטנ, אָפשאצנ, אָרגאניזירנ אונדזער טעטיקייט.

מיר דארפנ באנעמענ, אז טאקע די ארבעט פונ די מאסנ איז דער גרונט־אָרגאניזאטער פונ דער קולטור אונ דער שעפער פונ אלע אי־דייענ, סײַ פונ די, וואָס האָבנ אינ פארלויפ פונ יאָרהונדערטער אראָפ־געזעצט די אנטשיידנדיקע באדייטונג פונ דער ארבעט — פונ די קוואלנ פונ אונדזערע קענטעניש, אונ סײַ פונ יענע אידייענ פונ מארקס—לענינ—סטאלינ, וואָס דערציענ איצט דעמ רעוואָלוציאָנערנ רעכט-באוווסטזײַנ פונ די פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, אונ אינ אונדזער לאנד דערהייבנ זיי די ארבעט אפ דער הייכ פונ דער קראפט, וואָס דינט אלס יעסאָד פאר דער שאפונג פונ דער וויסנשאפט, פונ דער קונסט. פארנ דערפאָלג פונ אונדזער ארבעט איז אונדז נוי־טיק צו פארשטיינ, דורכצופילנ דעמ פאקט, אז אינ אונדזער היימ־לאנד האָט די סאָציאליסטיש אָרגאניזירט-ווערנדיקע ארבעט פונ די האלב-גראמעטנע ארבעטער אונ פונעמ פרימיטיוונ פויערטומ געשאפנ אינ א קירצסטנ טערמינ פונ 10 יאָר גראנדיעזע ווערטנ אונ האָט זיכ אויסגעצייכנט באוואָפנט צו באשיצנ זיכ פונעמ סוינעס אָנפאל. די ריכטיקע אָפשאצונג פונעמ דאָזיקנ פאקט וועט אונדז באווײַזנ די קול־טור־רעוואָלוציאָנערע קראפט פונ דער לערע, וואָס פארייניקט דעמ גאנצנ פראָלעטאריאט פונ דער וועלט.

מיר אלע—ליטעראטנ, ארבעטער פונ פאבריקנ, קאָלווירטניקעס,— ארבעטנ נאָכ אלצ שלעכט אונ קאָנענ אפילע נאָכ ניט איינ־גאנצנ באהערשנ אלצ, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ פונ אונדז אונ פאר אונדז. אונדזער ארבעט-מאסע פארשטייט נאָכ אלצ שלעכט, אז זי ארבעט בלויז אפ זיכ, פאר זיכ. דער דאָזיקער באוווסטזײַנ טליעט אוי־מעטומ, אָבער ער האָט נאָכ ניט אויפגעפלאקערט, ווי א מעכטיקער אונ פרײַדיקער פײַער. אָבער קיינ זאכ קאָנ ניט אויפלאקערנ פריער, איידער עס דערגרייכט א באשטימטע טעמפעראטור, אונ קיינער האָט

קיינמאָל ניט געקענט אזוי גלענצנדיק העכערנ די טעמפּעראטור פונ דער ארבעט-ענערגיע, ווי דאָס קאָנ טאָנ די פּארטיי, וואָס אָרגאניזירט האָט זי דער גאונ פונ וולאדימיר לענינ, אונ דער איצטיקער פירער פונ דער דאָזיקער פּארטיי.

אלס דעמ גרונט-העלד פונ אונדזערע ביכער דארפנ מיר אויסקלייבנ די ארבעט, ד.ה. דעמ מענטשנ, וואָס ווערט אָרגאניזירט דורכ די פּראָצעסנ פונ ארבעט, וועלכע איז בא אונדז באוואָפנט מיט דער גאנצער מאכט פונ דער מאָדערנער טעכניק, דעמ מענטשנ, וואָס ער, פונ זיינ זייט, אָרגאניזירט די ארבעט צו מאכנ זי לייכטער, פּראָדוקטיווער, דערהייבנדיק זי אפ דער שטופע פונ קונסט. מיר דארפנ זיכ אויסלערנענ פארשטיינ די ארבעט אלס שאפונג. שאפונג איז א באגריפ, וואָס מיר ליטעראטנ באנוצנ צו אָפט, קוימ האָבנדיק דערופ רעכט. שאפונג — דאָס איז יענער גראד אָנגעשטרענגקייט פונ דער ארבעט פונעמ זיקאָרנ, ווענ די שנעלקייט פונ איר ארבעט נעמט ארויס פונעמ רעזערוו קענטעניש, איינדרוקנ די סאמע בוילעטע אונ כאראקטעריסטישע פאקטנ, בילדער, דעטאלנ אונ שליסט זיי איינ אינ די סאמע פּינקטלעכע, העלע אלגעמיינ-פארשטענדלעכע ווערטער. אונדזער יונגע ליטעראטור קאָנ זיכ ניט באריימענ מיט דער דאָזיקער מעלע. דער רעזערוו איינדריקנ, דער סכומ קענטעניש פונ אונדזערע ליטעראטנ איז ניט קיינ גרויסער אונ קיינ באזונדערע זאָרג וועגנ פארברייטערנ, פארטיפערנ אימ פילט זיכ ניט.

די גרונט-טעמע פונ דער אייראָפּייִשער אונ דער רוסישער ליטעראטור פונעמ 19-טנ יאָרהונדערט איז די פּערזענלעכקייט אינ איר קעגנשטעלנ זיכ צו דער געזעלשאפט, צו דער מעלוכע, צו דער נאטור. די הויפּט-סיבע, וואָס האָט באוועגט די פּערזענלעכקייט צו שטעלנ זיכ קעגנ דער בורזשואזער געזעלשאפט איז די אייגנארטיקע אָרגאניזירונג פונעמ שלאל נעגאטיווע איינדריקנ, וואָס ווידערשפּרעכנ די קלאסנ-אידייענ אונ שטייגער-טראדיציעס. די פּערזענלעכקייט האָט גוט געפילט, אז די דאָזיקע איינדריקנ אונטערדריקנ זי, פארהאלטנ דעמ פּראָצעס פונ איר וווּקס, אָבער זי האָט שוואכ פארשטאנענ איר פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער באנאלקייט, נידערטרעכטיקייט, פאר דער פארברעכערישקייט פונ די יעסוידעס פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט. היטשאָנאטאנ סוויפט — איז איינער אפ גאנצ אייראָפּע, אָבער די בורזשואזיע פונ אייראָפּע האָט געהאלטנ, אז זיינ סאטירע שלאָגט בלויז ענגלאנד. אָבער ביכלאל די בונטארישע פּערזענלעכקייט,

ווענ זי פלעגט קריטיקירנ דאס לעבנ פונ איר געזעלשאפט, פלעגט זי זעלטנ אונ זייער שלעכט באנעמענ איר פאראנטווארטלעכקייט פאר דער שעפערלעכער פראקטיק פונ דער געזעלשאפט. אונ נאכ זעלטענער האט אלס גרונטמאטיוו פונ איר קריטיק פונ דער עקזיסטירנדי־קער ארדענונג געווירקט דאס טיפע אונ ריכטיקע פארשטיינ די באדיי־טונג פונ די סאציאל־עקאנאמישע סיבעס; אבער אפטער פונ אלץ איז די קריטיק ארויסגערופנ געווארנ אדער דורכנ געפיל פונ דער האפענונג־לאזיקייט פונ איר זײַנ אינ דעמ ענגנ אײַזערנעמ שטײַג פונ קאפיטא־ליזמ, אדער דורכ דער שטרעבונג זיכ נויקעמ צו זײַנ פאר די אומדער־פאלגנ פונ איר לעבנ, פאר זײַנ דערנידעריקטקייט. אונ מע קענ זאגנ, אז ווענ די פערזענלעכקייט פלעגט זיכ ווענדנ צו דער ארבעטער־מאסע, פלעגט זי דאס טאנ ניט צוליב די אינטערעסנ פונ דער מאסע, נאר מיט דער האפענונג, אז ווענ דער ארבעטער־קלאס וועט צעשמעטערנ די בורזשואזע געזעלשאפט, וועט ער פאר איר זיכערנ פרײַהייט פונ גע־דאנק, אייגנוויליקייט פונ כאט. איכ כאזער איבער: אלס די גרונטיקע אונ הויפטלעכע טעמע פונ דער פארעוואלוציאנערער ליטעראטור דינט די דראמע פונעמ מענטשנ, וועמענ דאס לעבנ דוכט זיכ אויס, ווי ענג, וואס פילט זיכ פאר אנ איבעריקנ אינ דער געזעלשאפט, וואס זוכט אינ איר פאר זיכ א באקוועמ ארט, געפינט דאס ניט אונ — ליידט, קומט אומ אדער פונ שאלעמ מאכנ מיט דער אימ פײַנטלעכער געזעלשאפט אדער פונ אראפלאזנ זיכ ביז שיקרעס, ביז זעלבסטמארד.

בא אונדז, אינעמ פארבאנד פונ די סאציאליסטישע ראטנ, דארפ ניט זײַנ, ס'קאנ ניט זײַנ קיינ איבעריקע מענטשנ. יעדנ בירגער איז געגעבנ די ברייטע פרייהייט צו אנטוויקלענ זײַנע פייִקייטנ, באגא־בונגענ, טאלאנטנ. פונ דער פערזענלעכקייט פאדערט זיכ בלויז איינס: זיינ ערלעכ אינ זײַנ באציונג צו דער העלדישער ארבעט פונ שאפנ א קלאסנלאזע געזעלשאפט.

## א נײַער מענטש ווערט געבוירנ אינ ראטנלאנד

אינעמ פארבאנד פונ סאציאליסטישע ראטנ איז פונ דער ארבעטער־פויערשער מאכט גערופנ צו דער ארבעט צו בויענ א נײַע קולטור די גאנצע מאסע באפעלקערונג, — דערפונ פאלגט, אז די פאראנטווארט־לעכקייט פאר פעלערנ, דעפעקטנ, פאר ארבעטבראק, פאר אלע אנט־פלעקונגענ פונ באלעבעסלדיקער באנאלקייט, גידערטערטיקייט, צוויי־פנעמדיקייט, פרינציפלאזיקייט, — ווערט ארופגעלייגט אפ אונדז אלע־

מענ אונ אפ יעדערנ, אונ דאס הייסט, אז אונדזער קריטיק דארפ ווירקלעכ זײנ זעלבסטקריטיק, אונ עס באטײט, אז מיר דארפנ אויסארבעטנ די סיסטעמ פונ א סאציאליסטישער מאראל, פונ א רעגוליאטער פונ אונדזער ארבעט, פונ אונדזערע קעגנזײטיקע באציִונגענ.

דערציילנדיק וועגנ די פאקטנ, וואס באצייכענענ דעמ אינטעלעק־טועלנ וווקס פונעמ פאבריק־ארבעטער אונ די פארוואנדלונג פונעמ דוירהדירעסדיקנ אייגנטימער אינ א קאלעקטיוויסט א קאלווירטניק, איז דערציילנ מיר, ליטעראטנ, טאקע בלויז אונ שילדערנ זייער שלעכט דעמ עמאציאנאלנ פראצעס פונ די דאזיקע פארוואנדלונגענ.

מיר זעענ נאכ אלצ שלעכט די ווירקלעכקײט. אפילע דער פייזאזש פונעמ לאנד האט זיכ שארפ געענדערט, עס איז פארשוונדנ גע־ווארנ זײנ קאפצאנישע בונטקײט: א בלוילעכער פאס האבער, דערנעבנ — א שווארצ שטיקל אויפגעאקערטע ערד, א גאלדענע סטענגע קארנ, א גרינלעכע ווייצ, פאסנ ערד, פארוואקסענע מיט ווילדגראז, אונ אינ אלגעמיינ — א פארשיידנפארביקער אומעט פונ אלגעמיינער צעשפלי־טערטקײט, פונ צעריסנקײט. אינ אונדזערע טעג זײנענ קאלאסאלע ערד־שעטעכנ באפארבט מעכטיק, איינפארביק, איבערנ דארפ אונ אי־בער דער אויעזד־שטאט הייבט זיכ ניט קיינ קלויסטער, נאר קאלא־סאלע הייזער פונ געזעלשאפטלעכער באשטימונג, גיגאנטישע פאבריקנ בלישטשענ מיט א יאמ גלאז, אונ די קליינינקע געצנדינערישע, פאר־שיידנארטיקע, אזוי ווי שפילצײג, גרייזאלטע קלויסטערס ריידנ צו אונדז איבערצײגנדיק וועגנ דער טאלאנטפולקײט פונ אונדזער פאלק, וואס איז אויסגעדריקט אינ דער קלויסטער־ארכיטעקטור. אינ דער לי־טעראטור איז ניטא דער נייער פייזאזש, וואס האט שארפ געביטנ דאס פאנעמ פונ אונדזער ערד.

מיר לעבנ אינ אנ עפאכע, ווענ עס ברעכט זיכ גרינטלעכ דער אל־טער שטייגער, אינ אנ עפאכע, ווענ אינעמ מענטשנ וואכט אופ זײנ געפיל פונ זעלבסטווערדע, אינ אנ עפאכע, ווענ ער דערקענט זיכ אלײנ אלס קראפט, וואס ענדערט ווירקלעכ די וועלט. פאר פיל קומט אויס לעכערלעכ צו לייענענ, אז מענטשנ ענדערנ די פאמיליעס סווינוכינ, סאבאקינ, קוט־יגיקאוו, פאפאוו, סווישטשעוו אאוו. אפ די פאמיליעס לענסקי, נאווי, פארטיזאנאוו, דעדאוו, סטאליאראוו אאוו. דאס איז ניט לעכערלעכ, ווײל דאס רעדט טאקע וועגנ דעמ וווקס פונ דעמ מענטשנס ווירדע, וועגנ דעמ מענטשנס אפזאגנ זיכ צו טראגנ א פאמיליע אדער

א צונעמעניש, וואס דערנידערט אימ, דערמאנענדיק וועגנ דער שוועדער שקלאפישער פארגאנגענהייט פונ די זיידעס אונ פאטערס.

אונדזער ליטעראטור באציט זיכ ניט אזוי אופמערקזאמ צו די אויסערלעכ קליינע, אבער אינערלעכ זייער ווערטפולע צייכענס פונ דער ענדערונג פונ די מענטשנס זעלבסטשאצונג, צו די פראצעסנ פונ דער אנטוויקלונג פונ דעמ נייעמ, סאוועטישנ בירגער. מעגלעכ, אז סוויגובינ האט געקומענ די פאמיליע לעוסקי ניט בא פושקינען, נאר אינ צוזאמענהאנג מיט דער מאסנדערמארדונג פונ די ארבעטער אפ די לענער גאלדגרובנ אינ 1912 יאר, אונ אז קוטייניקאוו איז ווירקלעכ געווענ א פארטיזאנער, אז סאבאקינ, וואס זיינ זיידע, א לייב־קנעכט, איז עפשער אויסגעביטנ געווארנ אפ א הונט, פילט זיכ ווירקלעכ אלס א „נייער". ביז דער רעוואליוציע איז קעדיי צו ענדערנ די פאמיליע, האט מענ וועגנ דעמ געדארפט דערלאנגענ א ביטע „אפנ העכסטנ נאמענ" פונעמ צאר, אונ ווענ א געוויסער פעווצאוו האט געבעטנ ענדערנ זיינ פאמיליע לויט די נעמענ פונ דער מוטער אונ באבע — אווראטינ, איז אפ דער ביטע געווענ „אנגעצייכנט" א רעזאליוציע: „א פסיכיש קראנקער".

אונ גאר ניט לאנג האט מענ מיר מיטגעטיילט אזא פאקט: א מאטראס פונעמ דייטשישנ פלאט, א מענטש מיט א היסטארישער פאמיליע, אנ אפשטאמער פונ א דעקאבריסט, וואלקאנסקי איז געווארנ א פאשיסט.

— פארוואס? — האט מענ אימ געפרעגט.

— ווייל מע האט די אפיצערנ פארווערט צו שלאגנ אונדז, — האט ער געענטפערט.

אט איז א בוילעטער ביישפיל, וויאזוי א דוירעסדיקער אריסטאקראט, א מענטש פונ „בלויענ בלוט", האט פארלארנ דעמ געפיל פונ זעלבסטווירדע.

דער וווקס פונעמ נייעמ מענטשנ איז באזונדערס בוילעט קענטיק אפ די קינדער, אונ זיי זיינענ אבסאליוט אויסער דעמ אופמערקזאמקייט־קרייז פונ דער ליטעראטור, אונדזערע פארפאסער האלטנ ווי נידעריקער פונ זייער ווירדע צו שרייבנ וועגנ קינדער אונ פאר קינדער.

מיר דוכט, אז איכ האב קיינ טאעס ניט, ווענ איכ פארצייכנ, אז די פאטערס הייבנ אנ אלץ זארגעוודיקער אונ צערטלעכער באציענ זיכ צו די קינדער, אונ לויט מיינ מיינונג איז דאס גאנצ נאטירלעכ, ווייל דאס ערשטע מאל פארנ גאנצנ לעבנ פונ דער מענטשהייט זיינענ די קינדער די יארשימ ניט פונ די עלטערנס געלט, הייזער אונ מעבל,

נאָר יאָרשיומ פונ א ווירקלעכנ אונ א מעכטיקנ ווערט — פונ דער סאָציאַליסטישער מעלוכע, וואָס איז געשאַפנ געוואָרנ דורכ דער מי פונ די פאָטערס אונ מוטערס. קיינמאָל זיינענ נאָכ קינדער ניט אַריינגעקומענ אינ לעבנ אַזוינע באַוווסטזיניקע אונ שטרענגע ריכטער פונ דער פאַרגאַנגענהייט, אונ איכ גלייב אינגאַנצנ אינעמ פאַקט, וואָס מע האָט מיר דערציילט: אַנ עלפיאָריק טובערקולאָזנ מיידעלע האָט געזאָגט דעמ דאָקטער אינ דער אַנוועזנהייט פונ איר פאָטער אונ אָנווייזנדיק מיטנ פינגער אַפ אימ: „דאָס איז ער שולדיק, וואָס איכ בינ א קראַנקע, ביז 40 יאָר האָט ער געפאַטערט דאָס געזונט אַפ יעדער מיעסקייט, נאָכדעמ האָט ער כאַסענע געהאַט מיט דער מאַמענ, איר איז ערשט 27 יאָר, זי איז א געזונטע, אָבער ער, זעט איר, וואָס פאַר אַנ אומגליקלעכער ער איז, איז אָט בינ איכ אינ אימ געראָטנ".

עס זיינענ פאַראַנ אַלע סיבעס צו דערוואַרטנ, אַז אַזוינע אורטיילונגענ פונ די קינדער וועלנ זיינ ניט קיינ זעלטנהייט.

די ווירקלעכקייט גיט אונדז אַלצ מער „רויענ" מאַטעריאַל פאַר קינסטלערישע פאַראַלגעמיינערונגענ. אָבער ניט די דראַמע, ניט דער ראָמאַנ האָבנ נאָכ ניט געגעבנ קיינ גענוג בולעט געשטאַלט פונ דער סאָוועטישער פרוי, וואָס איז פריי אונ אויסגעצייכנט טעטיק אינ אַלע געביטנ פונ דער בויונג פונעמ סאָציאַליסטישנ לעבנ. עס איז אַפילע צו באַמערקנ, אַז די דראַמאַטורגנ סטאַרעז זיכ שרייבנ וואָס ווייניקער פרויענ-ראָליעס. עס איז שווער צו דערקלערנ, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? אונ דאָכ איז האַגאַמ די פרוי איז בא אונדז סאָציאַל-גלייכבארעכטיקט מיטנ מאַנ אונ האַגאַמ זי דערוויזט דערפאָלגרייכ די פאַרשיידנאַרטיקייט פונ אירע באַגאַבונגענ אונ די ברייט פונ איר אַרבעטפייִקייט, — איז די דאָזיקע גלייכבאַרעכטיקונג זייער אָפט אונ אינ פיל הינזיכטנ אַנ אויסערלעכע, א פאָרמעלע. דער מאַנצבל האָט נאָכ אַלצ ניט פאַרגעסנ אָדער ער האָט שוינ פאַר דער צייט פאַרגעסנ, אַז אינ פאַרלויפ פונ צענדליקער יאָרהונדערטער איז די פרוי דערצויגנ געוואָרנ פאַר סענסועלע פאַרווייַלונגענ אונ ווי א הויזבאַשעפעניש, וואָס איז פייִק צו שפּילנ די ראָליע פונ א „הויזווירטנ". דעמ דאָזיקנ אַלטנ אונ שענדלעכנ כויוו, וואָס די געשיכטע איז שולדיק א העלפט פונ דער באַפעלקערונג פונ דער ערד, וואַלטנ די מענער פונ אונדזער לאַנד געדאַרפט דעקנ אינ דער ערשטער ריי אונ אַלס ביישפּיל פאַר אַלע איבעריקע מענער. אונ דאָ דאַרפ די ליטעראַטור זיכ פרוּוונ צו שילדערנ די אַרבעט אונ די פּסיכיק פונ דער פרוי אַזוי, אַז די באַציונג צו איר

זאָל זיכ אופהייבנ איבער דער אלגעמיינ־אָנגענומענער באלעבעסלדי־
קער באציונג, וואָס איז גענומענ געוואָרנ בא די העגער.

## די סאָוועטישע ליטעראטור איז פילארטיק לויט דער שפראכ, איינהייטלעכ לויט דער אידייִשקייט

ווייטער, האלט איכ פאר נייטיק אָנצווייזנ, אז די סאָוועטישע לי־
טעראטור איז ניט בלויז א ליטעראטור פונ דער רוסישער שפראכ, דאָס
איז אנ אלפארבאנדישע ליטעראטור. אזוי ווי די ליטעראטורנ פונ אונד־
זערע ברידערלעכע רעפובליקנ אונטערשיידנ זיכ פונ אונדז בלויז מיט
דער שפראכ אונ לעבנ אונ ארבעטנ בא דער שיינ אונ אונטער דער
פרוכטבארער ווירקונג פונ דער זעלבער אידעע, וואָס פאראייניקט די
גאנצע וועלט פונ די ארבעטנדיקע, וואָס איז צעברעקלט פונעמ קאפי־
טאליזמ, — איז קלאָר, אז מיר האָבנ ניט קיינ רעכט צו איגנאָרירנ
די ליטערארישע שאפונג פונ די נאצמינדערהייטנ, בלויז דערפאר, ווייל
מיר זיינענ מער. די ווערטפולקייט פונ דער קונסט ווערט געמאָסטנ
ניט מיט קוואנטיטעט, נאָר מיט קוואליטעט. אויב מיר האָבנ אינ דער
פארגאנגענהייט דעמ גיגאנט פושקינ, איז נאָכ דערפונ ניט געדרונגענ,
אז די ארמענער, גרוזינער, טאָטערנ, אוקראינער אונ די אנדערע שוואָ־
טימ זיינענ ניט פייִק צו געבנ גרעסטע מייסטערס פונ ליטעראטור,
מוזיק, מאָלעריי, ארכיטעקטור. מע דארפ ניט פארגעסנ, אז אפנ
גאנצנ שטח פונעמ פארבאנד סאָציאליסטישע רעפובליקנ אנטוויקלט
זיכ שנעל דער פראָצעס פונ רענעסאנס פונ דער גאנצער מאסע אר־
בעט־פאָלק „צו א ערלעכנ לעבנ — א מענטשלעכנ”, צו פרייער שאפונג
פונ א נייער געשיכטע, צו שאפונג פונ א סאָציאליסטישער קולטור.
מיר זעענ שוינ, אז וואָס ווייטער פאָרויס, אלץ מעכטיקער אנטפלעקט
דער דאָזיקער פראָצעס די פייִקייטנ אונ טאלאנטנ, וואָס זיינענ פאר־
באָרגנ אינ דער 170־מיליאָניקער מאסע.

איכ האלט פאר נייטיק אייכ מיטצוטיילנ כאראקטעריסטישע א בריוו, וואָס
איכ האָב באקומענ פונ א טאָטערישנ ליטעראט.

„די גרויסע אָקטיאבער־רעוואָלוציע האָט אונדז שרייבער פונ
די אונטערדריקטע אונ אָפגעשטאנענע פעלקער געגעבנ אומבא־
גרענעצטע מעגלעכקייטנ, דערונטער אויכ די מעגלעכקייט ארויס־
צוטרעטנ אינ דער רוסישער ליטעראטור מיט אונדזערע, עמעס,
נאָכ ווייט ניט פולקומע ווערק. מיר שרייבער נאציאָנאלנ, וואָס

דרוקנ זיכ אפּ דער רוסישער שפּראַכ, זײַנענ שױנ, װי אײַכ איז באַװוּסט, פּאַראַנ אינ די צענדליקער אונ אַפילע אינ די הונדערטער. דאָס איז פונ איינ זײַט. פונ דער צװײטער — לײענענ איצט די סאָװעטישע ליטעראַטור אפּ דער רוסישער שפּראַכ ניט בלויז די רוסישע מאַסנ, נאָר אויכ די אַרבעטנדיקע פונ אַלע פעלקער פונ אונדזער ראַטנפאַרבאַנד: אפּ איר דערציִענ זיכ מיליאָנענ פונ דעמ אונטערוואַקסנדיקנ דאָר פונ אַלע נאַציאָנאַליטעטנ. אַזױאַרום הערט שױנ אױפּ די סאָװעטיש־פּראָלעטאַרישע קינסטלערישע ליטעראַטור אפּ דער רוסישער שפּראַכ צו זײַנ די ליטעראַטור אױסשליסלעכ פונ מענטשנ, װאָס רײדנ אפּ דער רוסישער שפּראַכ אונ װאָס האָבנ אַ רוסישע אָפּשטאַמונג, נאָר זי באַקומט ביסלעכװײַז אַ אינטערנאַציאָנאַלנ כאַראַקטער אױכ לױט איר פאָרמ. דער דאָזיקער װיכטיקער היסטאָרישער פּראָצעס רוקט אַרױס אינ פאָדערגרונט גאָר אומגעריכטע נײַע אױפגאַבנ אונ נײַע פאָדערונגענ.

צום גרעסטנ באַדױערנ פאַרשטײענ דאָס ניט אַלע שרײַבער, קריטיקער אונ רעדאַקטערס. דעריבער קוקט די אַזױ גערופענע אָפּראָבירטע ליטעראַרישע געזעלשאַפטלעכקײַט אונ צענטער נאָכ אַלץ אפּ אונדז װי אפּ אַנ „עטנאָגראַפישנ עקספּאָנאַט". ניט אַלע פאַרלאַגנ נעמענ אונדז אָנ גערנ צום אַרױסגעבנ. אײניקע גיבנ אָפּטמאָל צו פאַרשטײנ באַם אױפנעמענ מאַנוסקריפּטנ, אַז מיר זײַנענ פאַר זײ אַ „בײַ-הױצאָע" אָדער אַ „צװאַנג־אַסאָרטימענט", אַז זײ „מאַכנ באַװוּסטזיניק אַ ראַבאַט דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פונ דער פּאַרטײ". די דאָזיקע „אײדלקײַט־אָנשטעלנ" באַלײדיקנ אינ אונדז מיט רעכט דעמ געפיל פונ אינטערנאַציאָנאַלער אײנהײַט אונ דעמ באַװוּסטזײַנ פונ אַ פולװערטיקנ מענטשנ. די קריטיק, װידער, װענ דאָס װערק גײט אַרױס פונ דרוק כאַפּט זי זיכ אינ בעסטנ פאַל אַרױס מיט אַ פּאָר „װאַרעמינקע װערטער" אפּנ אַדרעס פונ דעמ אױטער אונ פונ דעמ בוכ, װידער אַ מאָל ניט אַזױפיל לױט די פאַרדינסטנ, װיפל צוליב דער „אַכטונג" צו דער לענינ-סטאַלינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. אױכ דאָס דערציט אונדז ניט, נאָר פאַרקערט, אפּ אײניקע װײניק אױסגעפּרוּװטע כאַװײרימ װירקט דאָס דעמאָראַליזירנדיק. דערנאָכ, נאָכ דעמ אײנמאָליקנ אונ געװײנלעכנ פינפטויזנטיקנ טיראַזש, װאָס װערט אײנגאַנצנ צעקױפט פונ ליב־

האָבער פונ עקזאָטיק און זעלטנהייטנ אינ די גרויסע שטעט, גיט מענ אונדז אָפּ אינ אַרכיוו. אַזאַ פּראַקטיק, כוץ דעמ, וואָס זי האָט אָפּ אונדז סיי מאָראַליש, סיי מאַטעריעל אַ שלעכטע ווירקונג, פאַרצאַמט זי דעמ וועג צומ מאַסנ־לייענער און פירט אונדז צו אומפאַרמיידלעכער נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקייט. אונדז וואָלט זיכ גאַנצ נאַטירלעכ געוואָלט הערנ וועגנ אונדזערע דערגרייכונגענ, אויב אַזוינע זיינענ פאַראַנ, וועגנ די דעפעקטנ און פעלערנ (וואָס זיינענ בא אונדז מער, איידער ווי בא אַנדערע), קעדיי זיי אויסצולעבנ אָפ ווייטער, עס וואָלט זיכ געוואָלט ווערנ צוטריטלעכ פאַרנ מאַסנ־לייענער".

וואַרשיינלעכ זיינענ אונטער דעמ דאָזיקנ בריוו גרייט אונטערצושרייבנ זיכ די פאָרשטייער פונ דער ליטעראַטור פונ אַלע פאַרבאַנדישע רעפובליקנ און אויטאָנאָמע געגנטנ. די היסטאָריקער און קריטיקער פונ אונדזער ליטעראַטור דאַרפנ ווענדנ אויפמערקזאַמקייט אָפ דעמ דאָזיקנ בריוו און אָנהייבנ אַנ אַרבעט, וואָס זאָל איבערצייגנ די מענטשנ פונ אונדזער לאַנד, אַז כאָטש זיי זיינענ פאַרשיידנשטאַמיקע, פאַרשיידנשפּראַכיקע, אָבער אַלע און יעדערער פונ זיי זיינענ בירגער פונעמ ערשטנ סאָציאַליסטישנ פאָטערלאַנד אינ דער וועלט. דעמ פאָרוורפ, וואָס איז אַדרעסירט אונדזער קריטיק, דאַרפנ מיר אָנערקענענ פאַר אַ גערעכטנ פאָרוורפ. די קריטיק, באַזונדערס די צייטונג־קריטיק, וואָס ווערט אַמערסטנ געלייענט פונ די שרייבער, די קריטיק אונדזערע איז ניט קיינ טאַלאַנטפולע, זי איז אַ סכאָלאַסטישע און ווייניק גראַמאָטנע בענעגייע צו דער לויפנדיקער ווירקלעכקייט. די נישטיקייט פונעמ בוכ־און צייטונג־ווייזנ אַנטבלויזט זיכ באַזונדערס בוילעט אינ אונדזערע טעג, ווענ עס ענדערט זיכ שנעל די ווירקלעכקייט, אינ די טעג פונ אַ שעפע פאַרשיידנאַרטיקע טוונגענ. ניט פאַרמאָגט, ניט אויסגעאַרבעט קיינ איינהייטלעכע, אָנפירנדיקע קריטיק־פילאָסאָפישע אידיי, באַנוצנדיק זיכ אַלצ מיט אייגענע און די זעלבע ציטאַטנ פונ מאַרקסנ, ענגעלסנ, לענינענ, גייט קימאַט קיינמאָל ניט אַרויס די קריטיק באַמ אָפּשאַצנ טעמעס, כאַראַקטערנ און די מענטשנס קעגנזייטיקע באַציונגענ פונ די פאַקטנ, וואָס עס גיט די דירעקטע באַאָבאַכטונג איבער דעמ שטורמישנ גאַנג פונעמ לעבנ. אינ אונדזער לאַנד און אַרבעט איז פאַראַנ פיל אַזוינס, וואָס עס האָבנ, נאַטירלעכ, ניט געקאָנט פאָרויסזענ מאַרקס־ענגעלס. די קריטיק זאָגט דעמ אויטאָר: „דאָס איז געמאַכט געוואָרנ ניט ריכטיק, ווייל אַנדערע לערער זאָגנ וועגנ דעמ אַזוי און אַזוי".

אָבער זי קאָן ניט זאָגן: „דאָס איז ניט ריכטיק דערפֿאַר, ווײַל די פֿאַקטן פֿון דער ווירקלעכקייט ווידערשפּרעכן דעם אויטערס באַווײַזן". פֿון אַלע פֿרעמדע געדאַנקען, וואָס מיט זיי באַנוצן זיך די קריטיקער, האָבן זיי אָפּגענומען איינגאַנצן פֿאַרגעסן דעם ביז גאָר ווערטפֿולן געדאַנק ענגעלסעס: „אונדזער לערע איז ניט קיין דאָגמע, נאָר אַ וועגווײַזער צו טאָט". די קריטיק איז ניט געווען ווירקעוודיק, בויגעוודיק, לעבעדיק, און צולעצט, דער קריטיקער קען ניט אויסלערנען דעם אויטער שרײַבן אײַנפֿאַך, בוילעט, שפּאָרעוודיק, ווײַל דער לערער אַליין שרײַבט פֿיל-ריידעוודיק, בלאָס און — וואָס ס'איז נאָך ערגער — אָדער גלײַכגילטיק, אָדער צו היציק, — דאָס לעצטע אין דעם פֿאַל, אויב ער איז פֿאַרבונדן מיטן אויטער דורך פּערזענלעכע סימפּאַטיעס און אויך דורך די אינטערעסן פֿון אַ גרופּקעלע מענטשן, וואָס זײַנען קראַנק געוואָרן אויף „פּירעריזם", אויף דער אָנשטעקעוודיקער קרענק פֿונעם באַלעבעסלטום.

דער „פּירעריזם" איז אַן עפּאָכע-קרענק, זי איז אַרויסגערופֿן געוואָרן פֿון דער אַראָפּגעזעצטער לעבנס-פֿייִקייט פֿונעם קלײנבירגערטום, פֿון זײַן עמפּפֿינדן דעם אומפֿאַרמײַדלעכן אונטערגאַנג אינעם קאַמף פֿונעם קאַפּיטאַליזם קעגן דעם פּראָלעטאַריער און פֿון דער שרעק פֿאַר אונטערגאַנג, פֿון דער שרעק, וואָס יאָגט דאָס באַלעבעסל אויף דער זײַט, וואָס עס איז פֿון לאַנג אָן געוווינט צו האַלטן פֿאַר דער פֿיזיש כאַמע שטאַרקער, — אין דער זײַט פֿונעם אַרבעטגעבער — עקספּלואַטאַטער פֿון פֿרעמדער אַרבעט, דעם וועלט-רויבער. אינערלעך איז דער „פּירעריזם" אַ רעזולטאַט פֿון דער אויסגעוועפּטקייט, אָנמעכטיקייט און האַלעס פֿונעם אינדיווידואַליזם, אויסערלעך דריקט ער זיך אויס אין די פֿאָרמען פֿון אַזוינע אײַטער-געשווירן, ווי דאָס זײַנען, לעמאָשל, עבערט, גאָסקע, היטלער און נאָך אַזוינע העלדן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט. בײַ אונדז, וווּ עס ווערט געשאַפֿן אַ סאָציאַליסטישע ווירקלעכקייט, זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, אַזוינע געשווירן אוממעגלעך. אָבער בײַ אונדז זײַנען אַלס יערושע פֿונעם באַלעבעסלטום נאָך פֿאַרבליבן געוויסע פּרישטשעס, וואָס זײַנען ניט פֿייִק צו פֿאַרשטיין דעם וועזנטלעכן אונטערשייד צווישן „פּירעריזם" און אָנפֿירונג, כאָטש דער אונטערשייד איז אַ גאַנץ קלאָרער: די אָנפֿירונג, וואָס שאַצט הויך די ענערגיע פֿונעם מענטשן, ווײַזט אָן די וועגן צו דערגרייכן די בעסטע פּראַקטישע רעזולטאַטן בײַ דער קלענסטער פֿאַרווענדונג פֿון קרעפֿטן, און דער „פּירעריזם" איז אַן אינדיווידואַליסטישע שטרעבונג פֿונעם באַלעבעסל צו שטעלן זיך אויף אַ קאָפּ העכער פֿונעם כאַווער,

וואָס עס גיט זיכ טאקע זייער לייכט איינ, ווענ עס איז פאראנ מע־באנישע פלינקייט, א פוסטער קאָפּ און א פוסט הארצ.

## ארויסטרייבנ דאָס באלעבעסלטומ פונ אונדזער ליטעראטור און קריטיק

די קריטיק טרעט אָפּ צופיל אָרט די האלבגראמעטנע רעצענזענטנ, וואָס הויפנ ארויס בלויז כידעש און פאראדאָקס בא די אווטערנ, זיי זײַנענ אָבער ניט ״פייִק״ עפּעס וואָס צו לערנענ. זי באמערקט ניט די פרווּנ מעכבנעמיסימ זײַנ און אריינצופירנ אינ לעבנ איינציקע אי־דייענ פונ דער פאָלקיסטישער ליטעראטור און, צולעצט, וואָס איז זייער וויכטיק, זי אינטערעסירט זיכ ניט מיטנ וווּקס פונ דער געגנטלעכער ליטעראטור, ניט ריידנדיק וועגנ דער פארבאנדישער. מע דארפ נאָכ זאָגנ, אז די קריטיק בארירט ניט די עפנטלעכע מיטײלונגענ פונ די ליטעראטנ וועגנ דעמ „וויאזוי זיי שרייבנ“, און די דאָזיקע מיטיי־לונגענ פאָדערנ זייער די אויפמערקזאמקייט פונ דער קריטיק.

זעלבסטקריטיק איז נייטיק, כאוויירימ. מיר ארבעטנ פארנ פראָלע־טאריאט אינ די אויגנ, און ווערנדיק אלצ מער גראמעטנע, העכערט ער קעסיידער זיינע פאָדערונגענ צו אונדזער קונסט און צוזאמענ דערמיט אויכ צו אונדזער סאָציאלער אויפירונג.

דער אידייען־קאָמוניזמ פאלט ניט צונויפ מיטנ כאראקטער פונ אונדזערע אקציעס און מיט די קעגנזייטיקע באציונגענ אינ אונדזער סוויווע, — די קעגנזייטיקע באציונגענ, וואָס אינ זיי שפּילט זייער א ערנסטע ראָליע באלעבעסלדיקייט, וואָס איז אויסגעדריקט אינ קינע, גייציקייט, אינ באנאלע רעכילעס און אינ בארײדנ קעגנזייטיק איינער דעמ אנדערנ.

וועגנ באלעבעסלדיקייט האָבנ מיר געשריבנ און מיר שרייבנ א סאכ. אָבער די פארקערפּערונג פונ באלעבעסלדיקייט אינ איינ פּערזאָנ, אינ איינ געשטאלט איז ניט געגעבנ געוואָרנ. אָבער עס איז נייטיק זי צו שילדערנ דאָפּקע אינ איינ פּערזאָנ און אזוי אָנגעזעענ, ווי ס'זײַנענ גע־מאכט געוואָרנ די וועלט־טיפּנ פונ פאוסט, האמלעט און אנדערע.

איכ וועל דערמאָנענ, אז דאָס באלעבעסלטומ איז א צאָלרײַכער קלאס פאראזיטנ, וואָס פּראָדוצירט גאָרניט און שטרעבט צו געברויכנ, איינצושלינגענ וואָס מער, — און זיי שלינגענ טאקע איינ. פאראזי־טירנדיק אפנ פּויערטומ און אפנ ארבעטער־קלאס, האָבנדיק שטענדיק א דראנג צו דער גרויס־בורזשואזיע אינ די לאפּעס אריינ, און צומאָל,

איבער דער פאָדערונג פונ אויסנ, אריבערגייענדיק אפ דער זײַט פונעמ פּראָלעטאריאט און ארײַנטראָגנדיק אינ זײַנ סוויווע אנארכיזמ, עגאָ־צענטריזמ און די גאַנצע באַנאַלקײַט, וואָס איז היסטאָריש אײַגנטימ־לעכ דעמ באַלעבאָסל, די באַנאַלקײַט פונעמ געדאַנק, וואָס שפּײַזט זיכ אויסשליסלעכ מיט פאַקטנ פונ שטייגער, אָבער ניט מיט די אונ־ווירקונגענ פונ ארבעט,—דאָס באַלעבאָסלטומ, וואָס וויפל עס האָט געדענקט און דענקט, האָט שטענדיק פּראָפּאַגאַנדירט און גע־פּעסטיקט די פילאָזאָפיע פונ אינדיווידועלנ וווּקס אפ דער ליניע פונ קלענסטנ ווידערשטאַנד, האָט געזוכט א מערקווירדיקער שטאַנד־האַפטיק גלײַכגעוויכט צווישנ צוויי קרעפטנ. פאַר דער באַציִונג פונעמ באַלעבאָסלטומ צומ פּראָלעטאריאט איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס אפילע דער האַלבקאַפּצאָנישער פויער, דער אײַגנטי־מער פונעמ סאַמע נישטיקנ שטיקל ערד, האָט פאַראַכט דעמ ארבע־טער פונ דער פאַבריק, וואָס האָט ניט קיינ שומ אײַגנטומ, כוץ זײַנע הענט. אז דער פּראָלעטאריער האָט נאָכ אויכ א קאָפּ, פלעגט דאָס באַלעבאָסל באַמערקנ נאָר דאַנ, ווענ די הענט פונעמ פּראָלעטאריער פלעגנ אָנהייבנ אָפּערירנ רעוואָלוציאָנער אויסער דער פאַבריק.

ניט אלע מיסטגראָזנ זײַנענ שעדלעכ אָדער אומנוצלעכ, ווײַל פונ פילע מיסטגראָזנ ווערנ ארויסבאַקומענ היילבאַרע גיפטנ. דאָס באַ־לעבעסלטומ ארבעט אויס בלויז צעשטערנדיקנ גיפט. ווענ דאָס באַ־לעבעסל וואָלט זיכ ניט געפילט פאַר א נישטיקנ דעטאַל אינ דער מאַ־שינ פונעמ קאַפּיטאַליזמ, וואָלט ער ניט געשטרעבט אזוי אקשאָנעס־דיק און אזוי פרוכטלאָז צו דערווײַזנ זײַנ באַדײַטפולקייט און די פרײַ־הײַט פונ זײַנ געדאַנק, פונ זײַנ ווילנ, פונ זײַנ רעכט אפ זײַנ, און עס וואָלט ניט געשאַפנ אינ פאַרלויפ פונ דעמ 19־טנ—20־טנ יאָרהונדער־טער אזויפיל „איבעריקע מענטשנ", „באַלטשוועדיקע אדעל־לײַט". „העלדנ פונ דער שלעכטער צײַט", מענטשנ פונ דעמ טיפּ „ניט קיינ פאַוועס, ניט קיינ קראָענ".

אינ ראַטנפאַרבאַנד איז דאָס באַלעבאָסלטומ גערירט געוואָרנ פונ אָרט, ארויסגעטריבנ פונ זײַנע נעסטנ, פונ הונדערטער אויעזדנע שטעט, איז צעזייט געוואָרנ אומעטומ און, ווי מיר ווייסנ, דרינגט עס ארײַנ אפילע אינ לענינס פאַרטיי, פונוואַנענ מע קלאַפּט עס ארויס בא יעדער פאַרטיי־רייניקונג. דאָכ פאַרבלײַבט עס און ווירקט ווי א מיקראָב, וואָס רופט ארויס שענדלעכע קראַנקייטנ.

די פאַרטייִשע אָנפירונג מיט דער ליטעראַטור דאַרפ שטרענג אָפּ־

גערייניקט ווערנ פונ יעטווידער ווירקונג פונעמ באלעבעסלטומ. די פאר־
טייער אינ דער ליטעראטור זיינענ מעכויעוו צו זיינ ניט בלויז לערער
פונ דער אידעאָלאָגיע, וואָס אָרגאניזירט די ענערגיע פונעמ פּראָלעטא־
ריאט אינ אלע לענדער צומ לעצטנ שלאכט פאר זיינ פרייהייט, די
פארטייישע אָנפירונג דארפ מיט איר גאנצער אויפירונג זיינ א מאָרא־
לישע אווטאָריטעטע קראפט. די דאָזיקע קראפט דארפ ארייננטראָגנ אינ
דער ליטעראטנ־סוויווע פריער פאר אלצ דעמ באוווסטזיינ פונ זייער
קאָלעקטיווער פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אלע דערשיינונגענ אינ זייער
סוויווע. בא דער גאנצער פארשיידנארטיקייט פונ אירע טאלאנטנ אונ דער
קעסיידער־שטייגנדיקער צאָל פונ נייע, באגאבטע שרייבער, דארפ די
סאָוועטישע ליטעראטור זיינ אָרגאניזירט אלס אנ איינהייטלעכ קאָלעק־
טיווער גאנצע, אלס א מעכטיק געצייג פונ דער סאָציאליסטישער קולטור.

דער שרייבער־פארבאנד ווערט געשאפנ ניט נאָר, קעדיי
פיזיש צו פאראייניקנ די וואָרט־קינסטלער, נאָר קעדיי די פּראָפעסיאָ־
נעלע פאראייניקונג זאָל זיי געבנ די מעגלעכקייט צו פארשטיינ זייער
קאָלעקטיווע קראפט, צו באשטימענ מיט דער מעגלעכער קלאָרקייט די
פארשיידנארטיקייט פונ די ריכטונגענ פונ איר שאפנ, אירע ציל־איינ־
שטעלונגענ אונ הארמאָניש פאראייניקנ אלע צילנ אינ דער איינהייט, וואָס
פירט אָנ מיט דער גאנצער ארבעט־שעפערישער ענערגיע פונ לאנד.

דאָ האנדלט זיכ, פארשטייט זיכ, ניט וועגנ באגרענעצנ די אינדי־
ווידועלע שאפונג, נאָר וועגנ געבנ איר די ברייטסטע מעגלעכקייטנ פונ
וויטערדיקער מעכטיקער אנטוויקלונג.

מע דארפ באנעמענ, אז דער קריטישער רעאליזמ איז אנטשטאנענ
אלס אינדיווידועלע שאפונג פונ די „איבעריקע מענטשנ“, וואָס, זייענ־
דיק ניט פייִק צומ קאמפ פארנ לעבנ, ניט געפינענדיק פאר זיכ קיינ
אָרט אינ אומ אונ באנעמענדיק מער אָדער ווייניקער דייטלעכ די ציל־
לאָזיקייט פונעמ פערזענלעכנ זיינ, האָבנ זיי פארשטאנענ די דאָזיקע
ציללאָזיקייט בלויז אלס אומזינ פונ אלע דערשיינונגענ אינעמ סאָציאלנ
לעבנ אונ אינעמ גאנצנ היסטאָרישנ פּראָצעס.

ניט אָפּלייקענענדיק אפ א האָר די ברייטע קאָלאָסאלע ארבעט פונ־
נעמ קריטישנ רעאליזמ, הויכ אָפּשאצנדיק זיינע פאָרמעלע דערגריי־
כונגענ אינ דער קונסט פונ דער וואָרט־מאָלעריי, דארפנ מיר פארשטיינ,
אז דער דאָזיקער רעאליזמ איז אונדז נייטיק בלויז אפ צו באלויכטנ
די רעשטלעכ פונ פארגאנגענהייט צומ קאמפ קעגנ זיי אונ צומ אויסוואָרצ־
לענ זיי.

אָבער די דאָזיקע פאָרמ פונ רעאַליזמ האָט ניט געדינט און קאָנ ניט דינענ דער דערציִונג פונ דער סאָציאַליסטישער אינדיווידואַליטעט, ווייל, אַלצ קריטיקירנדיק, האָט זי גאָרניט באַשטעטיקט, אָדער — אינ די ערגסטע פאַלנ — זי פלעגט זיכ אומקערנ באַשטעטיקנ דאָס, וואָס זי אַליינ פלעגט אָפּלייקענענ.

די סאָציאַליסטישע אינדיווידואַליטעט, ווי מיר זעענ אויפנ ביישפּיל פונ אונדזערע אַרבעט־העלדנ, וואָס זיינענ די בליִונג פונ דער אַרבעטער־מאַסנ, — די סאָציאַליסטישע אינדיווידואַליטעט קאָנ זיכ אַנטוויקלענ בלויז אינ באַדינגונגענ פונ קאָלעקטיווער אַרבעט, וואָס האָט געשטעלט פאַר זיכ דעמ ביז גאָר הויכנ און קלוגנ ציל — באַפרייענ די אַרבעטנדיקע אינ דער גאַנצער וועלט פונ דער מאַכט פונעמ קאַפּיטאַליזמ, וואָס פאַרקריפּלט דעמ מענטשנ.

דער סאָציאַליסטישער רעאַליזמ באַשטעטיקט דאָס זיינ אַלס טוּונג, אַלס שאַפונג, וואָס איר ציל איז די אומאויפהערלעכע אַנטוויקלונג פונ די אויסערסט־ווערטפולע אינדיווידועלע פייִקייטנ דעמ מענטשנס צוליב זיינ ניצאָכנ איבער די נאַטור־קרעפטנ, צוליב זיינ געזונט און לאַנגיאָריק לעבנ, צוליב דעמ גרויסנ גליק צו לעבנ אויפ דער ערד, וואָס ער וויל, אינ העסקעמ מיטנ קעסיידערדיקנ וווּקס פונ זיינע באַדערפענישנ, באַאַרבעטנ זי אינגאַנצנ, אַלס אויסגעצייכנטע וווינונג פונ דער מענטשהייט, א פאַראייניקטער אינ איינ מישפּאָכע.

## מיטנ פולנ מויל און מיט גרויס פרייד וועגנ אונדזערע דערגרייכונגענ

נאָכדעמ, ווי איכ האָב געזאָגט אַזויפיל וועגנ די פעלערנ פונ אונדזער ליטעראַטור, בינ איכ מעכויעוו צו פאַרצייכענענ אירע דערגרייכונגענ און דעראָבערונגענ. דאָ האָב איכ ניט קיינ אָרט און צייט אָנצוּווייזנ אויפנ שאַרפנ אונטערשייד צווישנ אונדזער און דער מייַרעוודיקער ליטעראַטור, — דאָס איז א סקרופּולעזע און דויערנדיקע אַרבעט, טיילווייז וועט זי באַלויכטנ אינ זיינ שאַרפנ פאָרטראַג כ׳ ראַדעק. איכ וועל בלויז זאָגנ, אַז פאַר יעדנ אָפּניעסדיקנ אָפּשאַצער איז דורכויס קלאָר: אונדזער ליטעראַטור האָט אַריבערגעיאָגט די מייַרעוודיקע מיט דער נייקייט פונ די טעמעס, און איכ וועל דערמאָנענ, אַז פיל פונ די ליטעראַטנ אונדזערע זיינענ אָפּגעשאַצט געוואָרנ אינ מייַרעוו העכער, ווי באַ אונדז אינ דער היימ. וועגנ די דעראָבערונגענ פונ דער ליטעראַ־

מיר אונדזערע האָב איך שוין גערעדט מיט א פול מויל און מיט גרויס פרייד אין 1930 יאָר, אין אײנעם ארטיקל, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין אײנעם בוך „וועגן דער ליטעראטור", זייט 52—54 און אין פיל אנ-דערע ארטיקלען פונעם היינטיקן בוך. פון דאן אָן זיינען אוועק 4 יאָר אָנגעשטרענגטע ארבעט. צי גיט מיר די היינטיקע ארבעט דאָס רעכט צו העכערן די אָפּשאצונג פון די דערגרייכונגען פון אונדזער ליטע-ראטור? דאָס רעכט גיט מיר די הויכע אָפּשאצונג פון א גאנצער ריי ביכער מיט אונדזער גרונט-לייענער — דעם ארבעטער און קאָל-ווירטניק. איך זיינען באוווּסט די היינטיקע ביכער און דעריבער וועל איך זיי ניט אָנרופן, איך וועל בלויז זאָגן, אז מיר האָבן שוין א סאָ-לידע גרופע וואָרט-מאָלער, — א גרופע, וואָס מיר קאָנען אָנערקענען אלס „פירנדיקע" אין אײנעם אנטוויקלונג-פראָצעס פון דער קינסטלערישער ליטעראטור.

די דאָזיקע גרופע פאראייניקט די סאמע טאלאנטפולע פארטייִשע ליטעראטן מיט די אומפארטייִשע, און די לעצטע ווערן „סאָוועטישע" ניט אפן וואָרט, נאָר אין דער טאט, באנעמענדיק אלץ טיפער דעם אלגעמיינעם און דעם אלגעמיין-מענטשלעכן זין פון דער העלדישער ארבעט פון דער פארטיי און פון דער ארבעטער-פויערישער ראטנ-מאכט. מע דארף ניט פארגעסן, אז די רוסישע בורזשואזע ליטעראטור האָט געדארפט האָבן, — רעכענענדיק פונעם סאָף 18-טן יאָרהונ-דערט, — קימאט 100 יאָר, קעדיי מעכטיק ארײנצוגיין אין לעבן און האָבן אף אים א געוויסע ווירקונג. די סאָוועטישע, רעוואָלוציאָנערע ליטעראטור האָט דערגרייכט די דאָזיקע ווירקונג אין 15 יאָר.

די הייך פון די פאָדערונגען, וואָס די שנעל באוויטיקערנדיקע ווירקלעכקייט און די קולטור-רעוואָלוציאָנערע ארבעט פון לענינס פארטיי שטעלט ארויס צו דער קינסטלערישער ליטעראטור — די הייך פון די דאָזיקע פאָדערונגען דערקלערט זיך מיט דער הייך פון דער אָפּשאצונג פון דער באדייטונג, וואָס די פארטיי גיט צו דער קונסט פון וואָרט-מאָלעריי. עס איז ניט געווען און עס איז ניטאָ אין דער וועלט אזא מעלוכע, ווו די וויסנשאפט און ליטעראטור זאָלן באקומען אזא כאווערישע הילף, זאָל האָבן אזא זאָרג וועגן העכערן די פראָ-פעסיאָנעלע קוואליפיקאציע פון די קונסט-און וויסנשאפט-טוער. וועגן דער דאָזיקער הילף, וועגן דער דאָזיקער ארבעט באווייזן אונדז ניט בלויז די אָרגאניזאציעס „וויעם"* און די ליטהויכשול.

* ВИЭМ — אלפארבאנדישער אינסטיטוט פאר עקספערימענטאלער מעדיצין.

די מעלוכע פונ די פראָלעטאריער דארפ דערציִענ טויזנטער אויס-געצייכנטע „קולטור-מייסטערס", „אינזשעניערנ פונ נעשאָמעס". דאָס איז נייטיק, קעדיי אומצוקערנ דער גאנצער מאסע ארבעטער-פאָלק דאָס רעכט אפ צו אנטוויקלענ דעמ פארשטאנד, די טאלאנטנ, די פייִקייטנ, וואָס אומעטומ אינ דער וועלט האָט מענ דאָס בא אימ אָפגענומענ. די דאָזיקע קאוואָנע, וואָס ווערט פראקטיש פארווירקלעכט, ליגט ארופ אפ אונדז, ליטעראטנ, די נייטיקייט פונ א שטרענגער פאראנטוואָרט-לעכקייט פאר אונדזער ארבעט אונ פאר אונדזער סאָציאלער אויפירונג. דאָס שטעלט אונדז ניט בלויז אינ דער טראדיציאָנעלער פאָזיציע פונ דער רעאליסטישער ליטעראטור פאר „ריכטער פונ דער וועלט אונ מענטשנ", פונ „קריטיקער פונעמ לעבנ", נאָר דאָס גיט אונדז דאָס רעכט צו באטייליקנ זיכ דירעקט אינ דער בויונג פונעמ נייעמ לעבנ, אינעמ פראָצעס פונ „ענדערנ די וועלט". דאָס באזיצנ אָט דאָס רעכט דארפ טאקע ארייננעמענ אינ יעדנ ליטעראט דעמ באוווסטזיינ פונ זיינ פליכט אונ פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער גאנצער ליטעראטור, פאר אלע דערשיינונגענ, וואָס דארפנ אינ איר ניט זיינ.

דער פארבאנד סאָוועטישע ליטעראטנ פאראייניקט 1500 איינסנ. רעכענענדיק אפ דער מאסע, באקומענ מיר איינ ליטעראט אפ 100 טויזנט לייענער. דאָס איז ניט פיל, ווייל די איינוווינער פונעמ סקאנדינאווישנ האלב-אינדזל האָבנ אינ אָנהייב פונעמ דאָזיקנ יאָר-הונדערט געהאט איינ ליטעראט אפ 230 לייענער. די באפעלקערונג פונעמ פארבאנד סאָציאליסטישע רעפובליקנ דעמאָנסטרירט אָנ אויפ-הער אונ קיימאט יעדנ טאָג איר טאלאנטפולקייט, אָבער מע דארפ ניט מיינענ, אז מיר וועלנ אינגיכנ האָבנ 1500 גענִיאלע שרייבער. לאָמיר טרוימענ וועגנ 50. אָבער קעדיי ניט אָפצונארנ זיכ, לאָמיר אָנמערקנ — 5 גענִיאלע אונ 45 זייער טאלאנטפולע. איכ מיינ, אז פאר אָנ אָנ-הייב וועט קלעקנ אויכ די דאָזיקע צאָל. אינעמ רעשט וועלנ מיר בא-קומענ מענטשנ, וואָס באציִענ זיכ נאָכ אלץ ניט גענוג אויפמערקזאמ צו דער ווירקלעכקייט, וואָס אָרגאניזירנ שלעכט דעמ מאטעריאל אונ באארבעטנ אימ נאכלעסיק. צו דעמ דאָזיקנ רעשט דארפ מענ צוגעבנ די פילע הונדערטער קאנדידאטנ אינעמ פארבאנד אונ נאָכדעמ — די הונדערטער „אָנפאנגערישע" שרייבער אינ אלע רעפובליקנ אונ געגנטנ. הונדערטער פונ זיי שרייבנ, צענדליקער דרוקנ זיכ שוינ. פאר די יאָרנ 1933—1934 זיינענ אינ פארשיידענע שטעט, פונ כאבאראָווסק אונ קאָמסאָמאָלסק ביז ראָסטאָוו אונ סטאלינגראד, טאשקענט, וואָראָ-

ניעזש, קאַבאַרדינאָ־באַלקאַריע, טיפליס אאַוו., אַרויס בײַ 30 זאַמלביכער און אַלמאַנאַכן, פולע מיט די ווערק פון די אָרטיקע אָנפאַנגער־ליטעראַטן.

אָפּשאַצן די דאָזיקע אַרבעט איז די פליכט פון דער קריטיק, וואָס באַמערקט זי נאָך אַלץ ניט, כאָטש עס איז שוין צײַט צו באַמערקן. די דאָזיקע אַרבעט, וואָס פאַר אַן אַרבעט זי זאָל ניט זײַן, באַווײַזט דאָך די טיפקײַט פונעם קולטורעלן פּראָצעס אין דער מאַסע פונעם פאָלק. ווען דו לייענסט די דאָזיקע ביכער, פילסטו, אַז די אויטערס פון די לידער, דערציילונגען און פּיעסן זײַנען אַרבעטער, דאָרפלײַט. איך מיין, אַז מיר האָבן אַ היפּשן צענדליק טויזנטער יונגנטלעכע, וואָס שטרעבן צו אַרבעטן אין דער ליטעראַטור. פאַרשטייט זיך, אַז די צוקונפטיקע ליטהוויכשול איז ניט אימשטאַנד אײַנצושלינגען אַפילו אַ צענטלכיילעך פון דער דאָזיקער אַרמיי.

איצט וועל איך פרעגן:

צוליב וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער צוזאַמענפאָר פון די ליטעראַטן און וואָס פאַר אַ צילן שטעלט פאַר זיך דער צוקונפטיקער פאַרבאַנד? אויב בלויז די צילן פון פּראָפעסיאָנעלן ווױלאײַנאָרדענען די ליטעראַטור־טוער, האָט קיים געלוינט אָנצומאַכן אַזאַ טומל. מיר דוכט, אַז דער פאַרבאַנד דאַרף זיך שטעלן פאַר זײַן ציל ניט בלויז די פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון די ליטעראַטן, נאָר די אינטערעסן פון דער ליטעראַטור אינגאַנצן. דער פאַרבאַנד דאַרף אין אַ וועלכער־ס'איז מאָס נעמען אויף זיך די אָנפירונג מיט דער אַרמיי אָנפאַנגערישע שרײַבער, ער דאַרף זי אָרגאַניזירן, פאַנאַנדערטיילן אירע קרעפטן איבער פאַרשיידענע אַרבעטן און לערנען זי אַרבעטן מיטן מאַטעריאַל סײַ פון דער פאַרגאַנגענהייט און סײַ פון דער געגנוואַרט.

אין אונדזער לאַנד גייט אַן אַרבעט איבער דער „געשיכטע פון די פאַבריקן און זאַוואָדן". עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צוציען צו דער דאָזיקער אַרבעט די הויך־קוואַליפיצירטע ליטעראַטן איז זייער שווער. דערווײַל אַרבעטן פון זיי אויסגעצייכנט בלויז די פאָעטעסע שקאַפּסקאַיאַ און מאַריע לעווובערג, אַנדערע אָבער איז ניט בלויז וואָס זיי רירן זיך ניט צו צו דעם רויען מאַטעריאַל, נאָר זיי געפינען ניט קיין צײַט צו רעדאַגירן דאָס באַאַרבעטע.

מיר ווייסן ניט די געשיכטע פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט, מע האָט בעדייע און טיילווייז האָט מען שוין אָנגעהויבן צו אַרבעטן איבער דער געשיכטע פון די אודעלנע פּירשטלעכע און גרעניצדיקע שטעט.

זינט זיי זײַנען געגרינדעט געוואָרן ביז איצט. די הײַזיקע ארבעט דארף אונדז באלויכטן אין נאָוועלן און דערציילונגען דאָס לעבן פון דעם פעאָדאַלן רוסלאַנד, די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פון די מאָסקווער פירשטן און צאַרן, די אנטוויקלונג פונעם האַנדל און אינדוסטריע, דאָס בילד, וויאַזוי דער פירשט, דער וואָיעוואָדע, דער סוחר, דער קליינבירגער, די קירך. האָבן עקספּלואַטירט דאָס פּויערטום, און שליסן דאָס אלץ מיט דער אָרגאַניזירונג פון די קאָלווירטן, — מיטן אקט פון ווירק־לעכן און פולשטענדיקן באפרײַען דאָס פּויערטום פון דער „מאכט פון דער ערד", פונעם יאָך פונעם אייגנטום.

מיר האָפן וויסן די געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט פון די פאַרבאַנדישע רעפּובליקן. צו די הײַזיקע און פיל אנדערע קאָלעקטיווע ארבעטן קאָן מען צוציען הונדערטער אָנפאַנגער־שרײַבער, און די הײַזיקע ארבעט וועט זיי געבן די ברייטסטע מעגלעכקייט פון זעלבסט־בילדונג, פון העכערן די קוואַליפיקאַציע דורך קאָלעקטיווער ארבעט איבערן רויען מאַטעריאַל און דורך קעגנזײַטיקער זעלבסטקריטיק. עס איז וויכטיק, מיר זאָלן וויסן אלץ, וואָס עס איז געווען אין דער פאַר־גאַנגענהייט, אָבער ניט אזוי, ווי וועגן דעם איז שוין דערציילט גע־וואָרן, נאָר אזוי, ווי דאָס אלץ ווערט באלויכטן דורך דער לערע פון מאַרקס—לענין—סטאַלין, און וויאַזוי דאָס ווערט רעאַליזירט דורך דער ארבעט אין די פאַבריקן, אויף די פעלדער, דורך דער ארבעט, וואָס אָר־גאַניזירט, וואָס מיט איר פירט אָן די נײַע קראַפט פון דער געשיכטע — דער ווילן און דער פאַרשטאַנד פונעם פּראָלעטאַריאַט פונעם פאַרבאַנד סאָציאַליסטישע רעפּובליקן.

אָט וואָס ס'איז נאָך מײַן מיינונג די אויפגאַבע פונעם ליטעראַטן־פאַרבאַנד. אונדזער צוזאַמענפאָר דאַרף זײַן ניט בלויז א באריכט פאַר די לייענער, ניט בלויז א פּאַראַד פון אונדזערע טאַלאַנטן, נאָר ער דאַרף נעמען אויף זיך צו אָרגאַניזירן די ליטעראַטור, די דערציונג פון די יונגע ליטעראַטן אויף דער ארבעט, וואָס האָט אַן אַלפאַרבאַנדישע באַדײַטונג, פון אַלזײַטיקן דערקענען די פאַרגאַנגענהייט און די געגנ־וואַרט פון אונדזער היימלאַנד (לאַנגדויערנדיקע שטורמישע אַפּ־לאָדיסמענטן. שטייענדיק באַגריסט דער זאַל דעם גרויסן פּראָ־לעטאַרישן שרײַבער).